פֿאַר [illegible] — [illegible]

# בּרוינלאַנד



דערציילונגען פון אידישן לעבן אין נאַצי=לאַנד

## כאַים
## מאַרגאַלעס
## דאַווידזאָן

אַרויסגעגעבן פונעם דאַווידזאָן בוך=קאָמיטעט
דורכן פאַרלאַג „סיגנאַל", באַם „פּראָלעטפּען"
פעברואַר 1939 ניו יאָרק

דאָס דאָזיקע ביכל איז אָף צו דערמאָנען מיינע ברידער אידן, אַז זייער דערלייזונג איז אָף דער זייט פון פּראָגרעס; אַז פאַשיזם — די ברוטאַלסטע פאָרם פון רעאַקציע — ברענגט פאַר זיי, פּונקט ווי פאַר אַלע אַנדערע שיכטן פון פאָלק, בלויז טרערן, בלוט און — טויט...

זאָל דאָס אויך דינען ווי א טרייסט, אַז אין יענעם פאַרגוואַלטיקטן לאַנד זענען ווייט ניט אַלע באַוואוינער פאַרכאַפּט מיט דער ווילדער בעסטיאַלישקייט פון נאַציזם און פאַשיזם און אַז עס לעבט נאָך דאָרט דער קויעך, וואָס וועט סאָף־קאָל־סאָף פאַרניכטן די הערשאַפט פון די ווילדע נאַצישע מענטשן־פרעסער!...

# "BAITCHLAND"

## STORIES OF JEWISH LIFE IN NAZI-GERMANY

COPYRIGHT BY
H. DAVIDSON
2800 BRONX PARK EAST
BRONX, N.Y.
1939

בילדער פון י. זעלדין
און סעם ריינדאָרף.

פאָטאָ־ליטאָגראַפירט פון
מעכאַבערס מאַנוסקריפּט




יאָ, זון מײַנער, גרױס איז דער אומגליק! בײז איז די שאָ! שװער איז די פּײַן! שרעקלעך, אַכזאָריעסדיק, אוממענטשלעך און בלוט־דורשטיק איז דער נאַצי־פײַנט!

און ער, דער נאַצי־פײַנט,— פּונקט װי זײַנע באַרבאַרישע אור־עלטערן פֿונעם מיטל־אַלטער, װאָס האָבן געשענדט און געברענט, פֿאַרװיסט און פֿאַרניכטעט דאָס שענסטע אינעם מענטשלעכן מין; װאָס האָבן ניט אײנמאָל צוריקגעהאַלטן דעם גאַנג פֿון פּראָגרעס, — אָט דער פֿײַנט איז ניט די מענטשהײט. ער איז קײנמאָל ניט געװען אין קלאַל פֿון מענטשהײט, װאָס דאָס איז אַלעמאָל, אין אַלע דורעס, פֿאַרבונדן מיטן אידעאַל פֿון פֿרײַהײט, פֿון יושער, פֿון פֿרידן, פֿון פֿרײַנטשאַפֿט צװישן פֿעלקער. דער נאַצי־פֿײַנט איז ניט נאָר אונדזער פֿײַנט; ער איז דער פֿײַנט פֿון ליכט, מענטשלעכקײט, פֿון אַלע אידעאַלן, װאָס פֿירן די מענטשהײט פֿאָראױס. פֿון דער אַנדערער זײַט געפֿינען מיר צװישן אונדזערע פֿרײַנט די בעסטע, די אײדלסטע, די רײנסטע!

נײן, זון מײַנער, ניט אַלע האָבן אונדז פֿײַנט!...

די בעסערע מענטשהײט האָט אונדז ליב און שאַצט אָפּ אונדזער מיטאַרבעט אפֿן געביט פֿון פֿרײַהײט, שאַצט אָפּ אונדזער גרױסן בײַטראַג צו דער אַלגעמײן־מענטשלעכער קולטור; דעם װיסן פֿון אַ שפּינאָזע, אַ מענדלסאָן, אַ הײַנע, ביז אַ מאַרקס און אַן אײַנשטײַן און נאָך הונדערטער טױזנטער גרױסע גײַסטער, װעלכע האָבן געאַרבעט פֿאַרן גליק און דעם װאױלזײַן פֿון דער גאַנצער מענטשהײט!

פֿײַנט האָבן אונדז בלױז יענע, װאָס װילן זיך ניט צעשײדן מיט זײערע פּריװילעגיעס צו אונטערדריקן די מאַסן, און אױך יענע, װעלכע האָבן זיך פֿאַרקױפֿט אין דינסט צו זײ!

די בעסערע קינדער פֿון דער מענטשהײט האָט אונדז ניט פֿײַנט! נײן! זײ פֿאַרשטײען איצט, אַז מיר, אידן, זענען בלױז די ערשטע אף דעם פֿײער פֿון רעאַקציע; אַז דאָרט װאו מען פּײַניקט אונדז, פּײַניקט מען אױך די קינדער פֿון ניט־אידן, אױב זײ זענען ניט קײן בלינדע שטיצער פֿונעם װילדן באַרבאַריזם און לאָזן זיך ניט צוריקשלעפּן אין קײװער פֿון מיטלאַלטער!

און אָט די בעסערע מענטשהײט האָט איצט אױפֿגעהױבן איר שטימע אין אױסדרוק פֿון מיטגעפֿיל און פּראָטעסט. מיר זענען ניט אַלײן!

מיר זענען ניט אליין אין אונדזער קאמף קעגן דעם מיטלאלטער, וואס פרואווט איצט אויפשטיין טכיעס־האמייסים, וואס פרובירט אנטאן א מיליטערישן אוניפארם אפן פארפוילטן סקעלעט פון געשטארבענעם בארבאריזם און וואס שרעקט א וועלט מיט איר ביינערדיקער פויסט...

יא, דער אויפגעשטאנענער פייגער האט צוזאמענגענומען די אלע ווילדע אינסטינקטן וואס זענען שוין לאנג אפגעשטארבן און באגראבן, צוזאמענגעמישט זיי מיט נייע אכזאריעסדיקע דערפינדונגען און באשאפן א געפוצטע נאצישע געטשקע, צו וועלכער ער צווינגט זיך צו בוקן,— א בייז־וואונדער, וואס האט פון איין זייט געבונדן הענט און פיס באם דייטשישן פאלק גופע און פון דער צווייטער — גענומען שפייזן דעם אפגעשטאנענעם טייל מיט בלוט־דורשט, קעדיי עס זאל ניט פילן די אייגענע געבונדנקייט און ווי דאס ווערט באהערשט פון א ווילדער באנדע פארברעכער און מעשוגאאים.

אבער, זון מיינער, מעשוגאאים נעמט מען ניט איין מיט קיין טאכנונים און געבעטן,— מעשוגאאים בינדט מען אין געפאסעוועטע העמדער! מעשוגאאים שרעקט מען ניט מיט קיין טאנייסים און טפילעס,— מעשוגאאים דארף מען אפצוואגן מיט א מאבל פון אייז־קאלטן וואסער, אדער פריטשמעלען מיט א געפאנצערטער פויסט!...

און וואס ווילדער דער מעשוגענער, אלץ פעסטער און שטארקער דארף זיין דער מיטל אים שטיל צו מאכן! וואס אכזאריעסדיקער זיינע מאסים, — אלץ שטארקער און מאכטיקער דארף זיין אונדזער צוריקשלאג!

ניין, מיר טארן זיך ניט אונטערגעבן!

מיר טארן ניט — ווי דער קראט — פארקריכן אין די לעכער, סיידן מיר ווילן איין אפן נאצישן אורטייל צו בלייבן אף אייביק אפגעריסן פון דער מענטשלעכער באפרייאונג און פראגרעס!

און דאס, זון מיינער, דאס ליכט פון העכערע מענטשלעכע אידעאלן, גיט עס אונדז דעם קויעך איבערצולעבן אזעלכע סאנים, וואס זענען שוין ניט איינמאל אויפגעשטאנען אונדז צו פארטיליקן. יא, מיר לעבן זיי איבער, ווייל זיי זענען אויך די סאנים פון דער גאנצער מענטשהייט!...

טא זאלן זשע געבענטשט זיין די, וועלכע רופן אין קאמף קעגן די מענטשן־פרעסער! זאלן געבענטש זיין די פויסטן, וואס לאזן זיך ניט איצט, אין אט דער פינצטערער שא, שלאבערדיק ארונטער! זאלן געבענטשט זיין די, וועלכע רופן איצט אויס צוזאמען מיט אונדז אונדזער טיפע סינע און פאראכטונג! זאלן געבענטשט זיין די וואס רופן צום קאמף!

אונדזער קיעם באשטייט אין באקעמפן און אין פארניכטן דעם ווילדן מענטשן־פרעסערישן פאשיזם!

צוזאמען מיטן בעסערן טייל פון דער מענטשהייט וועלן מיר זיגן!...

* * * * *

# די שיידונג

● אין דער וואוינונג פון פּראָפעסאָר מאָזעס אָפּענהיימער, דעם באַרימטן ווינער מאָגן־ספּעציאַליסט, זענען די ווענעציאַנער ראָלעטן געווען אײַנגאַנצן אַרונטערגעלאָזן. דורך די שפּאַלטן צווישן די שטעקלעך זענען אין די צימערן אַרײַנגעפאַלן צעבויגענע ליכט־פּאַסן פון די דרויסנדיקע גאַסן־לאָמפּן, וואָס האָבן אויסגעשאָטנט אַף די ווענט גראָטעסקע גראַטעס און געשאַפן אַ טפיסע־שטימונג. די צוויי נעטע בראָנזענע שילדלעך, וואָס פלעגן געוויינטלעך הענגען אין דער ראַם, אונטן, באַם אַרײַנגאַנג אין גרויסן מעדיקער־הויז, אָנצעווייזן, אַז דער פּראָפעסאָר וואוינט הויך, אַפן פערטן שטאָק, — זענען שוין פון אַ צײַט געווען אַרונטערגענומען און — ווי שטומע איידעס פון אַן אַמאָליקער גרויסער קליענטעל — זיך נוצלאָז געוואַלגערט אַפן שרײַב־טיש אין אויפנאַם־צימער. אינמיטן פון אָט דעם געוויינטלעך־געמיטלעכן צימער — זענען געווען אָנגעשטעלט גרויסע וואַליזעס מיט רײַזע־טאַשן און אַף דער סאָפע בא דער וואַנט — ווי אַ מעס — איז געלעגן אַ האַרבסטיקער פרויען־מאַנטל.

אַפן ערשטן בליק האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז דער דאָקטאָר קלויבט זיך אַרויס פון אָט דער וואוינונג, וואו ער האָט זיך געפונען פאַר אַ מעשעך פון אַריבער אַ צענדליק יאָר, אָדער אַז זײַן פרוי פאַרנעמט זיך ערגעץ אַף אַ ווײַטער רײַזע. אַ שטילער, פײַנלעך־אָנגעלאָדענער געפיל, ווי געוויינטלעך בײַ אַ שיידונג, האָט געהערשט אין אַלע ווינקלען.

בא דער שוועל, אין בײדע זײַטן טיר, וואָס צווישן אויפנאַם־צימער און קאָרידאָר, זענען אײנער קעגן אַנדערן געשטאַנען דער פּראָפעסאָר און זײַן פרוי. ער — אַ מיטל־יעריקער, פעסט־געבויטער מאַן, מיט אַ גרויסער גריווע האָר ווי בײַ אַ לײב — האָט אויסגעזען צעבראָכן און געעלטערט. ס'איז קלאָר געווען, אַז ער האָט לעצטנס פיל איבערגעליטן. אויך זי, זײַן פרוי — כאָטש די יוגנט האָט זיך נאָך שטאַרק אַרויסגעזען פון איר שײנעם פּאָנים — איז דאָך געווען בלאַס און אומגעקעמט, ווי זי וואָלט נאָר־וואָס אַרויס פון שפּיטאָל נאָך אַ שווערער אָפּעראַציע. אירע גרוי־בלויע אויגן — רויטלעכע, אָנגעדראָלע־נע און פײַכטע — האָבן באַוויזן, אַז זי האָט אַ לאַנגע צײַט שטאַרק געוויינט. מען האָט געקאָנט זען, אַז זי שטײט קוים אײַן אַף אירע פיס.

ער האָט זי געהאַלטן אַרומגענומען און זי — מיט אַ פאַרלײגטן קאָפּ אַף זײַנס אַן אַקסל — האָט שטיל געכליפּעט:

— אָבער, מאָן טײַערער, — האָט זי עפּשער צום הונדערטסטן מאָל זיך געקלאָגט, — פאַרוואָס זאָלסטו עס גאָר רעדן אַזוי?...פאַרוואָס זאָלסטו מיך ניט וועלן פאַרשטײן?...אַז איך גײ אײַן פאַררעכנט צו ווערן פאַר אַן אידישקע, טײלן מיט דיר און מיט אונדזערע קינדער די רעכטלאָזיקײט, אַפילו פאַרלירן אַלץ וואָס איך פאַרמאָג, אַבי צו בלײַבן מיט דיר, מיט אײַך...

ער האָט אויפגעהויבן איר קאָפּ, מיט צאַאר געקוקט אין אירע אויגן אַרײַן און ווי דורך טרערן אײַנגעטײנעט צו איר:

— וואָרים איך וויל עס דען יאָ, טײַערע?...דו ווייסט דאָך אַלײן, אַז הײַנט איז דער לעצטער אָוונט, וואָס זײ האָבן דיר דערלויבט צו בלײַבן מיט אונדז..

ווייסט דאָך מיט וואָס דאָס שמעקט, אויב דו וועסט זייער באַפעל גלייך איצט ניט דורכפירן... נו, און דער איינציקער וועג, זע איך, איז...

זי האָט אים גיך איבערגעשלאָגן:

— זאָג איך דאָך דיר, אז עס אַרט מיך ניט!...אַפילו אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, צום קלאָץ, אבי אינאיינעם...שיידן זיך איז דאָך אזוי שווער, שיידן זיך איז דאָך מאַמעש אומדערטרעגלעך!...

ער האָט ווייטער גערעדט:

— איך ווייס עס, טייערע. איך ווייס עס! דו ווייסט דאָך אָבער אליין, אז דערביי וועלן זיי זיך נאָך ניט אָפּשטעלן. ווער ווייסט צו וואָסערע פּייניקונגען זיי וועלן זיך נאָך דערטראַכטן. צו וואָס זשע, טייערע, זאָלסטו עס גאָר דורכגיין? וועסט דען אימיצן גוטס טאָן דורך דעם? פאַרקערט: עפּשער וועלן מיר דורך דיר זיך נאָך קאָנען ראַטעווען...

זי האָט גענומען כליפּען. ער האָט זי צוגעצויגן און א קוש געטאָן:

— שטארק זיך דאָך, לואיז, — האָט ער זי געצערטלט, — שטארק זיך! נאָך אלעמען וועט עס דאָך פאַר אונדז ביידן מיינען בלויז א פאָרמאַליטעט, אַן ארויפגעצוואונגענע זאַך און ניט מער. מיר וועלן זיך דאָך קאָנען טרעפן פון צייט צו צייט אין די אָוונטן, אמאָל עפּשער נאָך באַווייזן צוזוגאַנווענען א שאָ צווי פון אונטער זייערע נאָכשפּירנדיקע בליקן און צוזאַמען פאַרברענגען...

זי האָט אים ניט געלאָזט ווייטער רעדן. איינמאָל און נאָכאַמאָל איז זי געפאַלן אָף זיין האלדז, אים געקושט, געגלעט און געוויינט:

— אָבער וואָס, מאָן, וועט ווערן פון מיר, פון דיר און פון אונדזערע קינדער?...ווי וועל איך עס גאָר קאָנען לעבן אָן אייך?...אז איך שטים איין אָף דעם ערגסטן. זאָלן זיי פּייניקן! זאָלן זיי רייסן אונדזערע לייבער! נאָר זאָלן אונדזערע נעשאָמעס כאָטש בלייבן ריין! פאַראייניקט מיט דיר און די קינדער!

ער האָט אלץ פּרובירט איר דערווייזן אנדערש:

— לו, — האָט ער זיך ווי געבעטן, — צו וואָס אָבער אָט די אומזיסטיקע קאָרבאָנעס?...מיר מיט די קינדער וועט גענוג שלעכט זיין צוליב אונדזער אי־דישקייט... צוליב וואָסערע אידעאַלן, אָבער, זאָלסטו עס גאָר דאַרפן ליידן?...

זי האָט זיך מיט א דערשטוינטן צאַפּל א וואָרף געטאָן:

— צוליב וואָס, פרעגסטו? — צוליב מיין ליבע! צוליב אונדזער ליבע, מאָן!... צוליב אונדזערע קינדער!...איז דען דאָס ניט גענוג?...

— די קינדער וועט זיין בעסער ווען דו בלייבסט אָן „אריערן”!...

זי האָט זיך גענומען וואַקלען ווי אין כאַלאָשעס צו פאלן. ער האָט פלינק זי אַ כאַפּ ארום געטאָן, זי קימאַט צוגעטראָגן צו דער סאָפע, זי אַוועקגעזעצט און אליין זיך צוגעזעצט לעבן איר. ער האָט געגלעט אירע בלאַס־געוואָרענע הענט, אירע בלאָנדע צעשויבערטע האָר און זי געקושט אין שטערן און אין די באַקן. און — ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, אז די ווענט זאָלן אמאָל כאַלילע ניט אויפכאַפּן זיינע רייד — גענומען שטילערהייט שושקען צו איר:

— פאַרשטייסט דאָך, לו, אז אזויארום וועסטו זיכער גלייך באַקומען א שטעלע אין א שפּיטאָל. דיין פּראַקטיצירן די צען יאָר צייט מיט מיר, וועט אפילו פון זיי אַנערקאָנט ווערן. דו וועסט פאַרדינען, אינדערשטיל קאָנען שטיצן

דיינע קינדער און...אַוואַדע אויך מיך...דאָס איז איצט וויכטיקער...

ער איז שטיל געוואָרן. קלאָר, אַז זיינע רייד האָבן אים געקאָסט געזונט. זי איז געזעסן, געקוקט אויף אים און דערביי געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי זי וואָלט אים פאָרגעוואָרפן פאר זיין שטייפקייט, און מיטאמאָל א זאָג געטאָן:

— אָבער וואָס, מאָז, וועט זיין מיט די אינגלעך?...וואָס וועסטו זיי דערקלערן?...וואָס וועסטו זיי קאָנען דערקלערן?...

ער האָט ביטער א שמייכל געטאָן:

— דערקלערן? — עס וועט ניט נויטיק זיין, טייערע!...דאָס לעבן, די אייגענע דערפארונגען, וועט עס זיי שוין דערקלערן מער ווי איך אליין וואָלט עס געקאָנט טאָן אלע מיינע יאָרן. יאָ, זיי וועלן עס זיך דערוויסן!...זיי וועלן עס דערלערנען אויף זייערע אייגענע קינדערישע פלייצעלעך!...

ער איז ווידער שטיל געבליבן. דערמאָנט האָט ער זיך, אז וואָס שייך דעם עלטערן אינגל זייערן, איז אים שוין איצט מער אפילע ניט נויטיק צו דערקלערן גאָר. ער, יאָזעף, אינגאנצן א קינד פון צען יאָר בלויז, האָט שוין אויף זיך אליין דערפילט דעם טאַאם און באדייטונג פון דער פאשיסטישער הערשאפט און אונטערדריקונג. בלויז א וואָך נאָכן פארגוואלטיקן דאָס לאנד, האָט זיין לערערן אין שול, א פרוי, וועלכע האָט אגעוו צו יעדן יאָמטעוו באַקומען פון אים פרעזענטן און טאָמיד זיך געכאַנפעט דערפאר, האָט מיטאמאָל, אָן שום אורזאך, גענומען זידלען און באליידיקן דאָס קינד, כאָטש ער איז געווען פון די פלייסיקסטע טאלמידים אין קלאס. זי האָט אים אויסגעלאכט, איבערגעקרימט און אָנגערייצט די אנדערע, די קריסטלעכע קינדער אויף אים. יענע — ביז דאן די בעסטע פריינט זיינע — האָבן אים אינעם קלאס-צימער געקנייפּט, געשלאָגן און עטלעכע מאָל אפילע אין פּאָנים אָנגעשפּיגן. זיי האָבן אים גערופן „יודן-שווין" און „אַפּע". דאָס קינד האָט זיך געפּרואווט באַקלאָגן פאר דער לערערן, אָבער זי האָט אים אָנגערופן „שמוציקער יודע און ליגנער" און אים נאָך באשטראָפט פאר אויסטראכטן א בילבול אויף יענע „אומשולדיקע ארישע" קינדער. יענעם טאָג איז יאָזעף אהיימגעקומען פון שול מיט א שטארק געוויין. דאן האָט ער זיך עס צום ערשטן מאָל דערוואוסט, אז ער איז א אידיש קינד און צוגלייך דערפילט די שווערקייט פון זיין אידישקייט...

נו, און וועגן דעם אינגערן קינד, וועגן פיליפּן, איז דערווייל נאָך צו פרי צו זאָרגן. ער איז ערשט אינגאנצן פיר יאָר אלט. ער גייט נאָך אפילע ניט אין שול און פארשטייט נאָך גאָרניט וועגן אזעלכע זאכן. אביסל דערפארונג אָבער האָט ער שוין אויך געהאט. ער האָט שטארק געוויינט, ווען די שטורמיסטן זענען געקומען אין הויז אריין און געצוואונגען זיין גוּוואַרנאנטקע, ערנעסטינען, אוועקצוגיין פון זיי; געוויינט, ווען אויף איר פּלאץ איז דערנאָך אָנגעקומען אן עלטערע אידישע פרוי מיט קורצזיכטיקע אויגן און מיט א שווערן קרענקלעכן גאנג, פאר וועמען ער האָט פּאַשעט מוירע געהאט...

עס איז דעריבער איצט ניט געשטאנען די פראגע וואָס אָדער ווי אזוי ער זאָל דערקלערן די קינדער וועגן דער מוטערס אוועקגיין. ער איז זיכער געווען אז קיין דערקלערונג וועט ניט נויטיק זיין, קאָל זמאן די איצטיקע בעסטיאַלע נאציס געוועלטיקן...יאָ, זיי וועלן שוין אויף יעדן טריט און שריט צו וויסן געבן

וועגן דעם אַפילו דעם יונגינקן פיר־יאָריקן קינד, וועלכער פאַרשטייט נאָך ניט אַפילו דעם כּילעק צווישן אַ „אידישן פאָטער און אַן „אַרישער“ מוטער... פאַר אים איז איצט בלויז געשטאַנען די פראַגע, ווי אַזוי די קינדער וועלן עס בלייבן אָן אַ מאַמען, אָן דער אויפזיכט פון דעם הייליקסטן און טייערסטן וואָס יעדע לעבעדיקע באַשעפעניש פאַרמאָגט?... ווי אַזוי זיי וועלן עס גאָר קאָנען לעבן ניט זייענדיק מער אונטער די ליבע און געטרייע פליגל פון דער איינציקער, פאַר וועמען נאַצי׳ע און גלויבן פון אירע קינדער איז בּיכלאַל גאָרקיין פראַגע ניט?... אין האַרצן באַ זיך האָט ער אַפילו פאַרגעטערט זיין פרוי פאַר איר געטריישאַפט און אָפּפערווּיליקייט. אָבער צו זאָגן איר וועגן דעם, אָדער גאָר איינשטימען אַז זי זאָל טאַקע פאַרבלייבן, האָט ער ניט געוואָלט און אויך ניט געקאָנט. לויט זיין פאַרשטאַנד איז אויסגעקומען, אַז עס וועט זיין פּראַקטישער און בעסער פאַר איר און בעמיילע פאַר זיי אַלעמען, ווען זי אַליין וועט יאָ אַוועק. ער איז, יעדנפאַלס, זיכער געווען, אַז די שיידונג זייערע וועט זיין אַ צייטווייליקע. ס׳וועט דאָך מוזן קומען אַ סאָף צו זייער הערשאַפט!...

און וואָלטן זיי כאָטש, צו אַלדע טייוול, דערלויבט, די מוטער זאָל קאָנען זיין מיט די קינדער, וואָלט ער זיי געלאָזט מיט איר און אַליין וואָלט ער זיך געלאָזט וואו די אויגן וואָלטן אים פאַרטראָגן. ער וואָלט איר כאָטש געלאָזט דעם אינגערן, קעדיי איר האַרץ זאָל אָזוי ניט צעבראָכן ווערן... האָבן זיי אָבער די קינדער דערקלערט פאַר אידישע און זי, די „אַרישע“ מוטער, קאָן ניט בלייבן מיט זיי... וואָס שייך אים, ווייסט ער גאַנץ גוט וואָס עס דערוואַרט אים... אפילו אַליין, אָן די קינדער מיט זיך, וועט אים אויסקומען זייער פיל צו ליידן... מען האָט אים פאַרבאָטן אָנצוהאַלטן די פריערדיקע פּראַקטיק און ער וועט דערפאַר — ווי טויזנטער אַנדערע אַרויסגעוואָרפענע אידישע דאָקטוירים — דאַרפן אויסקוקן אַף די פאַרדינסטן פון די שרעקלעך־פאַראָרעמטע אידן...

אָבער וואָס קאָן ער זיך העלפן, אַז די נאַצים האָבן פאָרט ניט געוואָלט דערלויבן דער מוטער צו בלייבן מיט אירע קינדער, ווייל זיי זענען אידישע? זי, האָט מען איר דערקלערט, אויב זי וויל אויסמיידן די פאָלגן פון דעם וואָס מען וועט זי פאַררעכענען פאַר אַ אידישער — וועט מוזן זיין „אַ ריינע און אַן אָפּגעהיטענע“, אָן דעם געמיש פון אידיש בלוט, מעג עס אַפילו גיין אַפן רעכענונג פונעם אייגענעם לעבן און פון די מוטער־געפילן פון אָט דער זעלביקער „אַריערן“. לויטן געזעץ פון דעם נייעם באַהערשער, ווערט ניט אָנערקאָנט די הייליקייט פון מוטערשאַפט, כאָטש ער פריידיקט מוטערשאַפט, אַף צוצושטעלן אים שטורמיסטן אַף צו פאַרזיכערן זיין ברוטאַלע מאַכט...

און זי, לואיז, אויסער דעם ווייטיק איבערן שיידן זיך פון אירע טייערע קינדער און געליבטן מאַן, האָט איר אויך שטאַרק וויי געטאָן אַ צווייטע זאַך: אַף צומאָרגנס נאָך איר אַוועקגיין פון מאַז׳ען, וועט זי ערשט מוזן פערזענלעך דערשיינען אין געריכט און דאָרט, עפנטלעך פאַר דער וועלט דאַרפן שווערן, אַז זי וויל מיטן אייגענעם ווילן זיך געטן פון איר מאַן, ווייל זי האָט מיטאמאָל דערפילט, אַז זי קאָן מער ניט לעבן צוזאמען מיט דעם געמיינעם „יודע“; אַז עס איז אַ באַליידיקונג פאַר אַן עכטער „אַריערן“ איבערצוגעבן איר הייליקן ריינעם קערפּער צו אַ שמוציקן „אידן־שווין“...

— גאָט! — האָט זי קימאט אויסגעשריגן פון שוידער, בעאיים זי האָט זיך דערמאנט אין אָט דער פּיין וואָס זי וועט ערשט דאַרפן דורכגיין, — ווי אַזוי וועל איך דאָס קאָנען גאָר אַף מיינע ליפּן ברענגען, ווען איך וועל אַפילע אין האַרצן באַ זיך וויסן, אַז איך מיין עס ניט?!... ווי אַזוי וועל איך עס גאָר אַזאַ זאַך קאָנען אַרויסרעדן?!... ווי וועל איך עס גאָר קאָנען איבערלעבן?!.

זי האָט פאַרביסן די ליפּן, פאַרדריקט אַ פויסט און ביטער געמורמלט:

— מאָז — אַ שמוציקער שוויין... מאָז, מיין מאַן, מיין געליבטער, — דער גרעסטער מאָגן־ספּעציאַליסט אין ווין, וואָס האָט אין זיין לעבן געראַטעוועט ניט איין שוויין אַזעלכן, וואָס באַשטייען אַף אַזעלכע פּייניקונגען...

„אָבער פאַרוואָס גיט ער זיך אונטער?... פאַרוואָס טוט ער דאָס?...”

און אין א וויַיל אַרום:

„עפּשער איז ער טאַקע גערעכט אין זיין אָנווייזונג, אַז אַזוי וועט זיין בעסער פאַר אונדז אַלעמען?... אפאָנים, אַז אַזויאַרום וועל איך קאָנען זיין זיכער, אַז די קינדער הונגערן ניט און וועל נאָך אַוואַדע קאָנען געפינען פיל וועגן און מיטלען ווי פון צייט צו צייט זיך צוצוכאַפּן זען די קינדער מיינע און מאָז'ן... עמעס, עס איז טאַקע אַ שווערער קאָרבן פאַר מיר, אָבער...

מאָז האָט געהאַלטן זיין קאָפּ אָנגעשפּאַרט אַף איר אַקסל און געוויינט... ער, דער שטאַרקער, פעסט־נערוונדיקער מאַן, וואָס האָט קיינמאָל קיין ציטער ניט געטאָן ביים דורכפירן די שווערסטע אָפּעראַציעס איבער לעבעדיקע מענטשן, האָט ניט געקאָנט איינצאַמען זיינע נערוון ביי אָט דער איצטיקער גייסטיקער אָפּעראַציע. ער האָט אַפילע געוואוסט, אַז עס איז אביסל צו עגאָאיסטיש וואָס ער צווינגט זיין פרוי אַזוי צו האַנדלען. ער האָט אָבער געפילט בעכוש, אַז קיין אַנדער אויסוועג איז ניט פאַראַן. אַזוי, האָט ער פאַרשטאַנען, וועט עס זיין בעסער סיי פאַר איר, סיי פאַר די קינדער און סיי פאַר אים... יעדנפאַלס, האָט ער געגלויבט, וועט עס דאָך ניט זיין אַף אייביק... אין האַרצן האָט ער געבעטן גאָט, אַז די הערשאַפט פון די נאַציִשע אוממענטשן זאָל כאָטש לאַנג ניט אָנהאַלטן. ער איז אַפילע זיכער געווען, אַז דאָס דייטשישע פאָלק גופע וועט ניט קאָנען בלייבן שטיין פיל לענגער און אַזוי גלייכגילטיק צוקוקן ווי די באַרבאַרן טרעטן אַף מענטשלעכע לעבנס; אַז דאָס פאָלק וועט דעריבער אין אַ שיינעם טאָג האַנדלען... ער איז דעריבער ניט אָפּגעטראָטן און ווייטער איינגערעדט מיט זיין פרוי, אַז זי זאָל זיך שטאַרקן אין גייסט און אַז זי זאָל אַוועקגיין וואוינען צו איר מוטער...

זי אָבער, כאָטש אין געדאַנק האָט זי אים שוין גערעכט געגעבן, האָט זי זיך נאָך אַלץ געוועהרט, אַרגומענטירט און געבעטן. מיטאַמאָל אָבער, פּונקט ווי זי וואָלט זיך דערפילט אַ באַזיגטע, האָט זי זיך אָן אַנטשלאָסענע אַ הויב אויף געטאָן פון איר פּלאַץ און שאַרף אַ זאָג געטאָן:

— נו, גוט, מאָז. איך וועל גיין! ס'איז טאַקע שווער, אָבער ווי עס זעט אויס, איז טאַקע קיין אַנדער אויסוועג ניטאָ פאַר מיר!... מיר מוזן זיך שיידן, וויַיל אַזוי ווילן יענע פאַרפלוכטע מענטשן־פרעסער! איך קאָן דאָך אָבער ניט אַוועקגיין, איידער איך וועל נאָכאַמאָל אַריינגיין צו די קינדער אין שלאָף־צימער און זיי כאָטש פריער אויסקושן די אומשולדיקע פּעניִמלעך...

ער האָט אַ צעוויטיקטן שמייכל געטאָן:

— אַזוי האָב איך דיך ליב, טייערע!...אַזוי האַנדלסט דו ווי אַ העלדישע פרוי!...גיי זשע טאַקע אַריין צו די קינדער און איך וועל דערווייל טעלעפאָנירן דעם לאַסט־פירער, אַז ער זאָל שיקן נעמען דיינע זאַכן און אַריבערפירן זיי צו דיין מוטער...

זי האָט זיך לייכט אַ שלייך פאַרביי געטאָן לעבן מאָז'ען און איז אַוועק צום קינדער־צימער. מאָזעס איז צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן, אָנגעדרייט אַ נומער און געוואַרט אויף אַן אָפּרוף. אַנשטאָט דעם האָט ער אָבער דערהערט די שטימע פון דער טעלעפאָן־מיידל, וועלכע האָט אין אַ געדריקטער שטימע אים אַ זאָג געטאָן:

— עס פאַרדריסט מיך אייך צו מעלדן, אַז מיר קאָנען מער ניט געבן קיין באַדינונג צו אידן...איר וועט דעריבער דאַרפן באַנוצן...

מער האָט מאָזעס שוין ניט געהערט. ער איז געבליבן שטיין אַזוי ווי אַ צעטומלטער, פּונקט ווי ער וואָלט באַקומען מיט עפּעס איבערן קאָפּ. ער האָט פאַרביסן די ליפּן פון גרויס פאַרדראָס און געמורמלט:

— שוין דאָס אויך צוגענומען ביי אונדז!...מאָרגן וועלן זיי אַוואַדע די לופט אויך פאַרשליסן פאַר אונדז!...

ער איז געווען אַזוי אויפגערעגט, אַז פאַר אַ סעקונדע האָט ער געפילט ווי צו נעמען דעם טעלעפאָן און אים אַ שמעטער טאָן אין דער ערד. ער האָט זיך אָבער גלייך געכאַפּט, אַז פאַר אַזאַ זאַך וואָלט מען אים אַוואַדע פאַרשיקט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אַריין און די קינדער וואָלטן דאַן פאַרבליבן אינגאַנצן אָן שום אויפזיכט...

ער האָט אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל אויף די גאָפּלען ארויף. דערנאָך האָט ער זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויף דער סאָפע און זיך פאַרטראַכט. אין געדאַנק באַ זיך האָט ער פּרובירט איבערגיין די אַלע פאַרשידענע באַליידיקונגען און פּייניקונגען וואָס ער האָט שוין ביז איצט געהאַט אויסצושטיין און, ווער ווייסט וואָס ער וועט נאָך דאַרפן איבערטראָגן...ער האָט זיך געפּרובירט פאָרשטעלן דעם גליקלעכן טאָג, ווען עס וועט שוין קומען אַ סאָף צום דאָזיקן שרעקלעכן כאָלעם; דעם טאָג, ווען די נאַצים וועלן פאַרטריבן ווערן, אהין, וואו די אַלע אונטערדריקער פאַר זיי זענען...ער האָט געטראַכט וועגן יענעם טאָג, ווען זי, לואיז, וועט צוריקקומען און אָפן פאַר דער וועלט ווידער צוזאַמענלעבן מיט אים, ווידער זיין אַ מוטער צו אירע קינדער און...

ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און געטראַכט וועגן דער צייט, וואָס ער וועט דערווייל דאַרפן זיין אַליין, אָן לואיזען. ערשט איצט האָט ער עס אַזוי שטאַרק דערפילט די שווערקייט פון דעם צעשיידן זיך און פון איר אַוועקגיין. איצט האָט ער באַקומען אַ פאַרלאַנג זי איינצוהאַלטן באַ זיך נאָך אויף אַביסל צייט, זיצן מיט איר דאָ, אויף דער סאָפע, ביז צו דער מעגלעכסט־לעצטער מינוט... יעדע רעגע איצט אָן איר, האָט אים אויסגעזען אַן אומזיסט־פאַרלוירענע. ער האָט נערוועז געקוקט אויף זיין האַנט־זייגערל און זיך גענומען וואונדערן פאַרוואָס עס נעמט דאָרט ביי איר אַזוי לאַנג מיט די קינדער אין דעם קינדער־צימער. באַלד אָבער האָט ער אַ שמייכל געטאָן צו זיך:

„מוטער בלײַבט פאָרט מוטער... קאָן זיך אַוואַדע נעבעך ניט אָפּרײַסן פון די קינדער... דאַכט זיך, ערשט ניט לאַנג זיך געזעגנט מיט זײ, זײ גאַנץ גוט אָנגעקושט און פונדעסטוועגן״...

מיט יעדער רגע וואָס איז פאַרבײַ און זי איז ניט צוריקגעקומען, אַלץ אומרואיקער האָט ער געגומען ווערן. מיטאַמאָל האָט אַ ווילדער געדאַנק אַ ריס געטאָן בײַ אים אין מויעך:

„זי זאָל נאָר דאָרט אַמאָל כאָלילע ניט האָבן פאַרכאַלעשט געוואָרן״...

אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם, האָט זיך אים שוין אויסגעדאַכט, אַז עס מוז זיכער זײַן אַזוי; אַז זי ליגט דאָרט אַוואַדע אַ געכאַלעשטע. ער האָט דעריבער זיך גלײַך אַ ריס געטאָן פונעם פּלאַץ און מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם טראָט, ניט אַרויסצעווײַזן זײַן אויפרעגונג, זיך געלאָזט צו די קינדערס שלאָף־צימער.

אָבער וואָס ווײַטער ער איז געגאַנגען, אַלץ אומרואיקער, אַלץ אומגעדולדיקער איז ער געוואָרן און גענומען לויפן. ער איז אַרײַנגעלאָפן צו די קינדער אין שלאָף־צימער, אָבער דאָרט איז אַלץ שטיל געווען. די קינדער זענען רואיק געשלאָפן און זי איז דאָרט ניט געווען. ער האָט גענומען רופן איר נאָמען, אָבער קײן ענטפער ניט באַקומען. ער האָט אָנגעהויבן נערווירן. ער האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז עפּעס אַן אומגליק איז געשען. ער האָט זיך גענומען יאָגן ווײַטער, צו זיך אין שלאָף־צימער, און...

נאָך אײדער ער איז דערגאַנגען אַהינצו, האָט ער זיך מיטאַמאָל אַ שאַרפן שטעל אָפּ געטאָן. פון אַ צעעפנטן פענצטער אין יענעם צימער,. האָט אים אַ שאַרף ווינטעלע אַ פּאַטש געטאָן איבערן פּאָנים. דאָס פענצטער איז געווען ברײט צעעפנט. פאַר אַ ווײַל האָט ער ניט געקאָנט באַגרײַפן ווער און צוליב וואָס עס האָט דאָס פענצטער צעעפנט אין אַזאַ קאַלטן הארבסטיקן אָוונט... באַלד אָבער האָט אים דער געדאַנק עפּעס אונטערגעזאָגט און... ער האָט זיך אָנגעשטרענגט, צוגעלאָפן צום פענצטער, אַרויסגעקוקט און...

אונטן, מיט פיר שטאָק נידעריקער, האָט ער אויפן טראָטואַר, לעבן דעם גאַסן־לאָמפּ, דערזען אַ געזעמל מענטשן אַרומפּאָרענדיק זיך אַרום עפּעס אַן אויסגעצויגענעם פרויען־קערפּער. ער האָט דערקאָנט — לואיזען...

ער האָט אַ היסטערישן קוויטש געטאָן און פון שרעק האַסטיק געטאָן אַ צי דעם קאָפּ אָף צוריק. אין די אויגן איז אים מיטאַמאָל פינצטער געוואָרן. ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קאָפּ און זיך אָנגעהויבן אַרונטערלאָזן אָף זײַנע אונטערברעכנדיקע קני צום דיל אַראָפּ.

ער איז געלעגן מיטן פּאָנים צו דער ערד. אין מויעך האָט געשניטן:

„זײ האָבן אונדז פאָרט צעשײדט, פאָרט צעשײדט״...

און ער האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט...



# דער פּאַרטעטער

● פּריץ און לעאָפּאָלד — צוויי דייטשישע קריגס-וועטעראַנען. ביידע — יונג-מיטליעריקע דייטשישע אַרבעטער (פון עם וואָרט „אַריער" האָט מען נאָך דעמלט ניט געוואוסט). ביידע — אַנגעשטעלטע אין אַ אידישן מושעוו-זקנים פון אַ גרויסער דייטשישער פּראָווינץ-שטאָט.

פּריץ — אַ הויכער, אַ בלאָנדער, מיט אַ רוימישן פּאָנים פון געצויגענע גלייכע ליניעס און מיט בלויע מילדע אויגן. אַ שטילער און קאָרעקטער פּונקט ווי זיין אויסזען. אַ באַשיידענער, אָבער דאָך און אָפענער. אַ מענטש — וואָס האָט ניט געקאָנט פאַרליידן קיין אַוולעס.

לעאָפּאָלד, ווידער, — אַ נידעריקער, אַ בייכיקער, מיט אַ לעוואָנע-פּאָנים — אַ באַגאָסנס מיט אַ פּיקסירטן שטענדיקן שמייכל, וואָס האָט ארויסגעשטעלט צוויי צעשטעלטע שורעס ווייסע ציין, עפּעס אַזוי כוצפּעדיק און אַרויסרופעריש, ווי די גאַיוועדיקע לאָזשעס אינעם אַריסטאָקראַטישן צירקל פון דער אָפּערע. כוצפּעדיק, אָבער דאָך אַ פּיגלינג.

פּריץ איז געווען דער פּייערמאַן אינעם מושעוו-זקנים. ער האָט אויפגעפּאַסט אָף דער צענטראַלער באַהייצונג, עלעקטרישער באַלייכטונג און אָף די אַנדערע מעכאַנישע איינריכטונגען פון דער אינסטיטוציע, אַ כוץ דער וואַסער-לייטונג און קאַנאַליזאַציע. דאָס האָט שוין געהערט צו לעאָפּאָלדן, וועלכער האָט געהאַט די פונקציעס פון הויז-וועכטער און ריין-האַלטער...

געוואוינט האָבן זיי ביידע מיט זייערע פאַמיליעס אינעם באַדינער-הויז וואָס אָפן הויף פון דער הויפּט-געביידע, וואו עס האָט אויך געוואוינט דער פאַרוואַלטער פון דער היים, דער ראַבינער הער יוליוס גראַסמאַן.

ער, דער הער יוליוס גראַסמאַן — אַ מאַן אין די העכערע פופציקער — איז אַמאָל געווען דער ראַבינער אין דער גרויסער פּראָווינץ-שטאָט פון לאַנד. דורך אים האָבן עס טאַקע פּריץ און לעאָפּאָלד שפּעטער באַקומען די שטעלעס אינעם מושעוו-זקנים. ער, דער ראַבינער, האָט זיך באַקאַנט מיט זיי נאָך בעאיים דער וועלט-מילכאָמע, ווען זיי ביידע — לייכט-פאַרוואונדעטע — זענען געבראַכט געוואָרן אין שטאָטישן אידישן שפּיטאָל, וואו ער פלעגט קימאַט טעגלעך אַרומגיין איבער די פּאַלאַטעס און געטרייסט די פאַרוואונדעטע דייטשישע אינגלעך מיט גוטע רייד און גוטע זאַכן...דער זעלבער ראַבינער, ווייל ער האָט עס באַוואוזן זיין געמיינדע צו שאַפן דעם מושעוו-זקנים אין שטאָט, איז דערנאָך — ווען דאָקטוירים האָבן אים פאַרבאָטן צו האַלטן רעדעס און דראָשעס, איבער אַ שאַרפער האַלדז קראַנקהייט — באַשטימט געוואָרן פאַר פאַרוואַלטער פון עם הויז, קעדיי ניט צו פאַרערגערן זיין געזונט...

איבער אָט דער דאָזיקער קראַנקהייט זיינער, וואָס ער אַליין איז כוישעד געווען צו זיין פיל ערנסטער ווי די דאָקטוירים האָבן אים געזאָגט, ווי אויך איבער דער שטענדיקער מוירע פאַר אַן אומגעריכטן פאַטאַלן סאָף — איז ער, דער הער גראַסמאַן, געוואָרן אַ נערוועזער און פאַרביטערטער. שוין גאָר ניט זעלטן, ספּעציעל אין טעג נאָך אַ שלעכט-געשלאָפענער נאַכט, ווען עס האָט אים געשטיקט און געברענט אין האַלדז, פלעגט ער זיין זייער שטרענג צו די

אָנגעשטעלטע. ער פלעגט שאַרף אויסרעדן פריצן, טאָמער איז עפּעס געטאָן געוואָרן ניט ווי עס דאַרף צו זײַן, אָדער ניט אין צײַט. אויך פלעגט ער מאַמעש זידלען לעאָפּאָלדן, אויב ער האָט אים געטראָפן אַ שיכּורן בײַ דער אַרבעט. אַזוי אָבער, אין נאָרמאַלע, געזונטע טעג, נאָך אַ רואיקן שלאָף, פלעגט ער — פאַרקערט — ווי אין די פריערדיקע יאָרן אין שפּיטאָל, זיך אַרומדרייען אַ פרײַנטלעכער איבערן הויף און הויז. ער פלעגט יעדן אײנעם באַגעגענען מיט אַ פרײַלעכן „גוט־מאָיען" און אָפט זיך אַפילו געוויצלט סײַ מיט פריצן און מיט לעאָפּאָלדן און סײַ מיט די אַלטיטשקע, די באַוואוינער פון דער אינסטיטוציע.

הער גראָסמאַנס האַנדלונג האָט טאַקע געפּלעגט וואונדערן פריצן און לעאָפּאָלדן. זײ, וועלכע האָבן אים געקאָנט נאָך פון די מילכאָמע־יאָרן, האָבן ניט געקאָנט באַגרײַפן דעם אומבײַט אין אים. גאַנץ אָפט פלעגן זײ דעריבער צווישן זיך רעדן וועגן דעם:

— וואָס איז עס פאַרט געוואָרן פון אָט דעם דאָזיקן מענטשן, וועלכער איז אַמאָל געווען אַזאַ פרײַנטלעכער און ליבלעכער?...

פריץ פלעגט דעם דאָזיקן אומבײַט צורעכענען טאַקע צו הער גראָסמאַנס קראַנקהייט. לעאָפּאָלד אָבער האָט גענומען רעדן גאַנץ אַנדערש:

— דומהייטן! — פלעגט ער באַשטרײַטן פריצן, — עס איז דערפאַר וואָס ער איז אַ פאַרפלוכטער יודע און דאָס אַלץ!...

פריץ האָט געשטוינט איבער לעאָפּאָלד'ס רייד. ער האָט גוט געדענקט, ווי יענער, לעאָפּאָלד, הײסט עס, האָט אַמאָל, נאָך זײַענדיק אין שפּיטאָל, געפּלעגט מיט אַזאַ היסלײַוועס לויבן די אידן; געזאָגט, אַז זײ זענען גוטהאַרציקע, ליבע און פילאַנטראָפּישע, וועלכע האָבן האַנאָע צו העלפן די מיטמענטשן...שפּעטער אַפילו, ספּעציעל ווען הער גראָסמאַן האָט זײ ביידן אָנגעשטעלט צו דער אַרבעט און צוגעזאָגט אײביקע שטעלעס אויפן גאַנצן לעבן, איז ער, לעאָפּאָלד, געווען אַזוי צופרידן, אַז ער האָט מאַמעש געכאַפּט הער גראָסמאַנס האַנט און קעגן יענעמס ווילן זי גענומען קושן.

ער, פריץ, האָט דעריבער — ווען עס איז אים נאָר אויסגעקומען צו רעדן מיט לעאָפּאָלדן וועגן דעם הער גראָסמאַנס באַציאונגען — אים אַלץ געזוכט איבערצוצײַגן, אַז יענער איז ניט ערגער און ניט בעסער פון אַלע באַלעבאַטים און אַז דער אײנציקער וועג ווי אַזוי אויסצוגלײַכן קריוודעס מיט באַלעבאַטים, איז דורך פאַרשרײַבן זיך אַלס מיטגליד אין אַרבעטער־פאַרײַן און — ווען נאָר נויטיק — דורך אַ סטרײַק צווינגען ענדערן די באַציאונג. לעאָפּאָלד האָט אָבער ניט געוואָלט הערן וועגן אַ פאַרײַן. ער האָט געהאַט בלויז איין ענטפער:

— וואָס? איך זאָל אויסהאַלטן די פאַרײַן־באַנצן מיט מײַן געלט? אָ, נײַן! איך וועל בעסער פאַר אָט דעם געלט טרינקען ביר, וועט עס מיר מער גוטס טאָן. און וואָס אָנבאַלאַנגט דעם הער גראָסמאַן אַלײן, וואָלט מען אים געקאָנט אויס־בעסערן דורך איין זאַך בלויז...

ער האָט זיך אומגעקוקט און סודעסדיק צוגעגעבן:

— דערמאָרדן אים צוזאַמען מיט אַלע אידן און פאַרטיק!...

פריץ איז געבליבן ווי פאַרשמעלעט. און כאָטש ער האָט געוואוסט, אַז לעאָפּאָלד איז בעטעווע אַ פײַגלינג און ציטערט פאַרן אײגענעם שאָטן, האָט זיך

דאָך אריינגעכאפּט א פאַרדאַכט צו אים אין האַרצן אריין איבער אָט די דאָזי־קע רייד לעאָפּאָלדס.

— הער נאָר, — האָט ער איינמאָל נאָך אזא שמועס אים א זאָג געטאָן, — ביסטו אמאָל ניט געוואָרן איינער פון אָט יענער ווילדער כעווּרע, ווי רופט מען זיי דאָרט, די נאַציס, וואָס האָסט געגומען רעדן זייער שפּראַך?...

יענער האָט דערויף גאַנץ כוצפּעדיק געענטפערט:

— נו, און אז יאָ איז וואָס? אלוואי וואָלטן שוין טאַקע די נאַציס בא־קומען די מאַכט אין לאַנד, וואָלטן אָט די דאָזיקע אידן־רויבער ניט געקאָנט זיין מער אונדזערע באַהערשער!...אָ, די נאַציס וואָלטן שוין מיט זיי גאָר א שנעלן סאָף געמאַכט!...

פריץ האָט געשמייכלט און אים ניט געגומען ערנסט. ער איז געווען באַ זיך זיכער, אַז אַזאַ זאַך קאָן דאָ קיינמאָל ניט געשען. די נאַציס, — האָט ער געטראַכט, — די ווילדע רויבער־באַנדע, וועלן דאָ, אין לאַנד, קיינמאָל קיין מאַכט ניט באקומען. דייטשלאַנד איז דאָך ניט עפּעס אַ ווילד צוריקגעשטאַנען לאַנד ערגעץ אין אַפריקע, אָדער אַזיע, נאָר דאָס סאַמע קולטורעלסטע און פאַרגעשריטנסטע לאַנד אין אייראָפּע...דאָס דייטשישע פאָלק וואָלט בעסער צו־זאַמען באַגאַנגען א מאַסן־זעלבסטמאָרד, איידער אָנצונעמען אלס רעגירער אזאַ באַנדע...ער איז אזוי זיכער געווען אין דעם, אַז ער האָט זיך טאָמיד געשטעלט קעגן דער מיינונג פון געוויסע מענטשן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף די דאָזיקע באַנדע ארעסטירן, דערשיסן און מאַכן א סאָף צו זייערע אָפּטע ווילדע ארויסטרעטונגען און באַנדיטערייען. ער, פריץ, האָט געטיינעט איינס:

— זאָלן זיי ווילדעווען! זאָל מען זיי דערקענען! און אז זיי וועלן זיך גוט אנשרייען און הייזעריק ווערן, וועלן זיי אַנטשטומט און פאַרגעסן ווערן!...

ער האָט זיך דעריבער אַפילו ניט געוואָלט צוהערן צו דער אייצע פון די גוטע פריינט זיינע פונעם פאַריין, וואו ער אליין איז שוין געווען אָנגעשלאָסן, צו דערציילן דעם הער גראָסמאַן וועגן לעאָפּאָלדס רייד און זען ער זאָל אים ארויסוואַרפן פון דער אַרבעט. פריץ האָט געהאַלטן, אַז אַן אַרבעטער דאַרף אַזוי ניט האַנדלען. ער האָט, יעדנפאַלס, נאָך אַלץ געהאָפּט, אַז ווען עס איז וועט אים דאָך געלינגען איבערצוצייגן לעאָפּאָלדן אין דער וויכטיקייט פון אָנ־שליסן זיך אין פאַריין און אים באַווייזן, אַז ער רעדט פאַלשע רייד...

דאָס איז אים אָבער ניט געלונגען. פאַרקערט: יעדעסמאָל וואָס ער האָט זיך נאָר שטאַרקער פאַרנומען יענעם איבערצוצייגן וועגן דעם, אַלץ שטאַרקער האָט דאָס לעאָפּאָלד צוריקגעשלאָגן. ער האָט נאָך אַפילו געפּאָדערט באַ פריצן, ער זאָל כאָטש מיטן מויל צוגעבן, אַז דער איינציקער וועג ווי אויסצובעסערן גראָסמאַנס באַנעמונג, איז אָנצופאַלן אף אים אומגעריכטערהייט, פון ערגעץ אַ ווינקל, און אים גוט אונטערשלאָגן די זייטן, ער זאָל עס האָבן צו געדענקען אפן גאַנצן לעבן.

לעאָפּאָלדס כוצפּעדיקע רייד האָבן ענדלעך דערפירט צו קריגערייען צווי־שן זייביידן און פריץ האָט אים אָנגעהויבן אויסצומיידן. ער האָט אַפילו געזען וואָס ווייניקער צו רעדן מיט אים, אויסער די זאַכן וואָס האָבן געהאַט א שייכעס צו דער אַרבעט. פריץ האָט זיך שוין איבערגעצייגט, אַז לעאָפּאָלד איז מאַמעש

א פארפאלענער און אז רייד זענען פּאָשעט אַרויסגעוואָרפן... אַפּאָנים, — האָט ער געטראכט, — אז יענע בעוורע האָבן אים גוט באַאַרבעט און... די איינציקע טרייסט וואָס ער האָט נאָך געהאט, איז געווען, אז לעאָפּאָלד וועט פארשטומט ווערן צוזאמען מיט דער ווילדער נאצישער באנדע...

אָבער די צייט איז זיך געגאנגען ווייטער און...דאָס אומעגלעכע האָט דאָך פּאַסירט. די נאצים האָבן פארכאפּט די מאַכט אין לאַנד. מיט לעאָפּאָלדן איז דאן אַ וואונדער געשען. א וואונדער — פון יענעם סאָרט, וואָס מען זעט געוויינטלעך אין א שטאָט בעאיים א מאגייפע, ווי די געוויינטלעך־שרעקעוודיקע מייז ווערן מיטאמאָל בראַוו און לאָזן זיך פראנק און פריי ארויס פון זייערע לעכער צו באַפאַלן די שפּייז וואָס די אומגליקלעכע קראנקע מענטשן האָבן אין זייער צאַאַר און שרעק געלאָזט ליגן אָפן...אַזאַ סאָרט וואונדער איז אויך געשען מיט לעאָפּאָלדן באלד נאָכן אויסברוך פון דער נאצי־מאגייפע. עפּעס אזוי ווי ניי־געבוירן איז ער געוואָרן און באקומען נייעם מוט. און כאָטש עפנטלעך האָט ער נאָך קיין אָרעם־באַנד מיטן האקן־קרייץ ניט געטראָגן אף זיך, האָט ער אָבער שוין אָפן און דרייסט גענומען זידלען און באליידיקן ניט נאָר דעם הער גראָסמאַן, נאָר אַפילע די אלטיטשקע, קוים־לעבעדיקע און קראנקע פּאַציענטן פונעם אנשטאלט. זיין כוצפּע איז אָפּט דערגאַנגען צו אַזאַ גראַד, אַז ער האָט שוין פּאָשעט גענומען דראָען, אז גאָר אינגיכן וועט מען זיך נאָך אָפּרעכענען מיט די פאָרפלוכטע אידן און זיי פּאָשעט אויסראָטען...

פריץ ווידער, וועלכער האָט דערזען זיין טאָעס אביסל צו שפּעט, איז זינט יענער צייט אַרומגעגאַנגען ווי אַ דערשלאָגענער. ער האָט שוין אפילע מער ניט געדארפט רעדן מיט לעאָפּאָלדן וועגן אָנשליסן זיך אין פּארייַן, ווייל קיין אַרבע־טער־פּאַרייַנען זענען שוין בעמיילע אין לאַנד ניט געווען. אָבער לעאָפּאָלדס רייד האָט ער דאָך ניט געקאָנט ארונטערשלינגען. נאָך יענעמס אָפּטע וואולגאַרע אויסברוכן פלעגט ער פונדעסטוועגן אים פאָרזיכטיק אויסמוסערן:

— וואָלסט אַזוי ניט געדארפט רעדן, לעאָפּאָלד!... שוין אַריבער צען יאָר וואָס דו עסט דאָס ברויט פון אָט דער אידישער אינסטיטוציע און... ווען ניט הער גראָסמאַן, וואָלסטו עפּשער הײַנט...

טיילמאָל פלעגט ער אפּעלירן צו זיין דייטשישן נאַציאָנאַלן שטאָלץ. ער פלעגט אים פריער איינשטילן און דערנאָך איינטיינען:

— לעאָפּאָלד, ברודער, אַזוי טאָר מען דאָך ניט!... מיר, דייטשן, דאָס פאָלק פון קולטור און ציוויליזאציע, פון איידלקייט און פריינטלעכקייט, פון גוטע באציאונגען צו אַנדערע, טאָרן אַפילע ניט טראַכטן אַזוי!...

זיינע רייד האָבן אָבער ניט געהאָלפן. פארקערט: ס׳האָט אויסגעזען, אַז מיט יעדן טאָג וואָס די נאַצישע רעגירונג האָט אָנגעוועגט אלץ ברוטאלערע רעפּרעסיעס קעגן אידן און ארבעטער, אַלץ אָפן־כוצפּעדיקער איז לעאָפּאָלד געוואָרן. ער פלעגט שוין אַפילע אָנפאַלן אף פריצן אליין:

— נישקאָשע, — האָט ער אים שוין עטלעכע מאָל אין אַזעלכע פאלן אַ זאָג געטאָן, — מיר ווייסן, אז דו ביסט א קאָמוניסטישער אידן־קנעכט און מיר וועלן זיך נאָך מיט דיר אויך אָפּרעכענען!... יאָ־יאָ, מיר וועלן נאָך מיט דיר האַנדלען פונקט ווי מיט אלע אַנדערע אידן־קנעכט!...

פריץ האָט געקוקט אויף אים און אַרונטערגעשלונגען די ווערטער, וואָס האָבן זיך מאַמעש געריסן פון זיין מויל. ער האָט געוואוסט, וואָס עס וואָלט פאַר אים געמיינט ווען ער ענטפערט אים איצט יאָ. איצט איז ער שוין זיכער געווען, אַז לעאָפּאָלד איז געוואָרן איינער פון יענע און מען טאָר פאַר אים קיין וואָרט ניט אויסרעדן. יאָ, יענער — ווי ביכלאַל דער אָפּפאַל פון דייטשישן פאָלק, וואָס איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון די נייע באַהערשערס דעמאַגאָגישע רייד — איז גרייט געווען אַפילו אַן אייגענעם פאָטער צו פאַראַטן... ער איז דער־ריבער אָפּגעטראָטן און אים אויסגעמיטן אַפילו באַ דער אַרבעט. פריץ אַליין האָט געטאָן זיין אַרבעט ווי געהעריק און אָפּטמאָל אַפילו געטאָן אַרבעט וואָס האָט געהערט צו לעאָפּאָלדן, קעדיי אויסצומיידן אַ צוזאַמענשטויס, וואָס זאָל פירן צו אַ קריג צווישן יענעם און זיין גראַסמאַנען. ער האָט מאַמעש מוירע געהאַט, אַז לעאָפּאָלד זאָל אַמאָל ניט פאַרווירקלעכן זיין דראָאונג צו לויפן דערציילן וואו מען דאַרף, אַז ער, פריץ, איז אַ רויטער און האַלט דער־יבער מיט די אידן... ער האָט געוואוסט, אַז עס איז איצט גענוג איין וואָרט און...

איצט האָט שוין פריץ קלאָר געזען וואוהין דאָס לאַנד האָט זיך פאַרנומען אונטער דער גוואַלד־מאַכט פון די נאַציס און זיך אָנגעהויבן שרעקן פאַר די פאָלגן. עס האָט אים שטאַרק וויי געטאָן און פאַרדראָסן, בעאַיים די רעגירונג האָט גענומען אָנווענדן אוממענטשלעכע געזעצן קעגן די אידן און וואָס האָט אויך געמיינט שאַדן פאַרן לאַנד ביכלאַל. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אונטער־דריקונג פירט צו אונטערדריקונג: היינט — אויף אידן, מאָרגן — אויף אַנדערע טיילן פון דער באַפעלקערונג... ער האָט געפילט, אַז דאָס סאַמע פאַרבאָטן דייטשישע מענער און פרויען צו אַרבעטן ביי אידישע באַלעבאַטים, וועט סאָף קאָל סאָף דערפירן דערצו, אַז זיי, די דייטשישע אַרבעטער, זאָלן ווערן לאַנד־קנעכט באַ די נאַציס... עס האָט אים וויי געטאָן, אָבער העלפן מיט עפּעס האָט ער ניט געקאָנט. אַפילו זיך אָפּצורעדן פונעם האַרצן איז אויך ניט געווען פאַר וועמען. יעדער איינער, אומעטום, — האָט זיך אים אויסגעוויזן, — איז פונקט אַזוי ווי לעאָפּאָלד, גרייט צו לויפן און דערציילן...

און ער האָט געשוויגן.

און אָט, איינמאָל אין אַן אָוונט, ווען לעאָפּאָלד — אַ באַזונדער — האָט אים בעסאָד פאַרטרויעט, אַז עס ווערט צוגעגרייט אַ מאַסן־אָנפאַל אויף די אידן קעדיי זיי אויסצוראַטן, האָט פריץ מאַמעש אויפגעציטערט. עמעס, ניט איינמאָל שוין האָט יענער געפּלאַפּלט אַזעלכע רייד פאַר אים, אָבער נאָך קיינמאָל ניט גערעדט מיט אַזאַ זיכערקייט און באַשטימטקייט. דאַסמאָל, האָט פריץ געזען, איז טאַקע פאַראַן עפּעס אין זיינע הייד, בעאַיים ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— ווען דו וואָלסט אָבער געווען אַ מענטש, פריץ, וואָלסטו דאָך אויך געקאָנט עפּעס האָבן פון אָט דעם דאָזיקן אָנפאַל...

און אַז פריץ האָט אַזוי גיך ניט געכאַפּט וואָס ער מיינט, האָט יענער זיך צוגעבויגן צו אים און גענומען גענויער דערקלערן:

— פאַרשטייסטו מיך, — האָט ער אַזוי ווי בעסאָד אים איבערגעגעבן, — די טעג וועט מען באַפאַלן די אידישע געשעפטן און אינסטיטוציעס פון גאַנצן לאַנד און...אויסער דעם וואָס די רעגירונג וועט פאַרנעמען זייערע פאַרמעגנס

פאַרן רײַך, וועלן מיר פּערזענלעך אויך געניסן דערפֿון. ערשט נעכטן איז אין שטורמיסטן קלוב געמאָלדן געוואָרן, אַז יעדן אַנטײ־ל־נעמער וועט זײַן דערלויבט צו פֿאַרנעמען פֿאַר זיך פּערזענלעך פֿאַרמעגן אַף אַ געוויסן ווערט און אַף וויפֿל ער וועט קאָנען אַוועקטראָגן מיט זיך...

און מיטאַמאָל, פֿינטלדיק מיט אן אויג, אַ לאַך געטאָן:

— ווײסטו, פּריץ, וואָס איך וועל נעמען פֿאַר זיך ווען עס וועט אָנקומען די רײ צו אונדזער עלטער־היים?...

אָן קווענקלעניש האָט ער פּריצן דערציילט, אַז צו דרײַ זאַכן האָט ער אַ באַזונדערן פֿאַרלאַנג און זאָגט עס אים איצט, קעדײ ער זאָל זײ דערנאָך ניט אַמאָל וועלן פֿאַר זיך. ערשטנס — הער גראָסמאַנס גאָלדענעם זייגער מיט דער קייט; צווייטנס — די גאָלדענע קרוין, וואָס געפֿינט זיך אַף דער בימה, אין דער סינאַגאָגע פֿאַר די אַלטע לייט; דריטנס — דאָס נײַע שטיק רויטע סאַמעט, וואָס גראָסמאַן האָט אַנומלטן געקויפֿט, אַף צו לאָזן אויפֿנײַען פֿאַר דעם בימל־קאַסטן אַ נײַעם יאַנטעוו־פֿאַרהאַנג...

— דאָס, פֿאַרשטייסטו מיך, — האָט ער צוגעגעבן, — וויל איך געבן אַ מאַטאָנע מײַן פֿרוי, זי זאָל זיך מאַכן דערפֿון אַ שיין סאַמעטן באַל־קלייד...

פּריץ איז געוואָרן בלאַס און אָש גענומען ציטערן פֿון גרויס קרענקונג. געזאָגט האָט ער גאָרניט. ער האָט בלויז געטראַכט וועגן אַ וועג ווי אָפּצעווענדן דעם געפּלאַנטן אַנפֿאַל איבער דער היים, אויב עס וועט טאַקע קומען דערצו. פֿאַר אַ ווײַל האָט ער אַפֿילע אַ טראַכט געטאָן וועגן צוגיין צו דער פּאָליציי און איר מעלדן וועגן דעם. ער האָט זיך אָבער גלייך געכאַפּט, אַז ניט נאָר וועט עס זײַן נאַריש און איבעריק, נאָר טאַקע געפֿערלעך פֿאַר אים גופֿע. וואָרים, — האָט ער זיך אַליין געזאָגט, — אויב עס איז טאַקע פֿאַראַן אַזאַ באַשלוס, קומט דאָס דאָך זיכער מיטן וויסן און באַפֿעל פֿון דער רעגירונג און די פּאָליציי האָט נאָך אַוואָדע באַקומען אַ פֿאַראָרדנונג זיך ניט צו מישן, אָדער נאָך עפּשער טאַקע צוהעלפֿן. אהינגיין וואָלט דעריבער פּאַשעט געמיינט זיך אַליין איבערגעבן אין די הענט פֿון די ווילדע אויסוואוורפֿן. זאָל ער ווידער וואָרענען הער גראָסמאַן וועגן דעם, ווייסט ער דאָך אַפֿילע ניט אַף ווען דאָס איז געפּלאַנט געוואָרן...

ער האָט זיך דעריבער איצט פֿאַרנומען אַף איין זאַך: אויסצוגעפֿינען באַ לעאָפּאָלדן ווען דאָס דאַרף פֿאָרקומען, קעדײ באַצײַטנס צו קאָנען וואָרענען דעם הער גראָסמאַן מיט זײַן פֿאַמיליע און, אויב מעגלעך, זײ באַהאַלטן באַ זיך אין הויז ביז די געפֿאַר וועט אריבער און...

ער האָט פּרובירט רעדן מיט לעאָפּאָלדן, געוואָלט אָנטאַפּן ווען און וואָס, אָבער יענער האָט אים מער גאָרניט געוואָלט זאָגן און בלויז כיכיקעט:

— וואָס דאַרפֿסטו עס וויסן, כי־כי?... וואַרט צו, וועסטו שוין דאַן, כי־כי־כי, אַליין זען דאָס גרייטע!...

פּריץ איז ארומגעגאַנגען אַ צעפּײַניקטער. ער האָט באַשטימט באַ זיך, אַז וואָס עס זאָל ניט געשען, וועט ער שוין זען, אַז עס זאָל באַטש קיין שלעכטס ניט געשען דעם הער גראָסמאַנען און זײַן פֿאַמיליע. באַ זיך אין הויז, — איז ער זיכער געווען, — וועט מען דאָך ניט גיין זוכן...

און ער האָט זיך מיט ווייטיק געגרייט צו יענעם אומבאַוואוסטן טאָג...

אָבער אָט, איינמאָל אין אַ קאַלטן האַרבסטדיקן אָוונט, אַ סאַך גיכער נאָך ווי פּריץ האָט זיך געקאָנט ריכטן, אָדער פאָרשטעלן, האָט אַ באַנדע שטורמיסטן זיך מיטאמאָל אַריינגעריסן מיט געשריי און געפילדער אין הויף פונעם אָנ־שטאָלט און גלייך גענומען ברעכן טיר און פענצטער...

לעאָפּאָלד, האָט פּריץ געזען, איז גלייך בא זייער אָנקומען צוגעלאָפן צו זיי, עפּעס גערעדט מיטן אָנפירער, געוויזן מיט די הענט אַהער און אַהין, און יענע — צעטיילט אין גרופּעס — האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין אַלע ריכ־טונגען. פּריץ האָט געוואָלט לויפן צו גראַסמאַנען, קעדיי אַריבערפירן אים מיט דער פאַמיליע צו זיך אין שטוב אַריין. אָבער איידער ער האָט נאָך באַוויזן אַ טראָט צו טאָן, האָט ער גראַסמאַן, וועלכער האָט דערהערט דעם טומל, זיך אַ לאָז אַרויס געטאָן אפן הויף אויסצוגעפינען וואָס עס איז געשען... לעאָ־פּאָלד האָט זיך דאָן אַ לאָז געטאָן מיט אַ גרופּע שטורמיסטן קעגן אים. אָן אַ וואָרנונג האָבן זיי אים גענומען שלאָגן מיט שפּיץ־רוטן און שטעקנס און — ווען יענער איז געפאַלן צו דער ערד אין אַ טייך בלוט — האָט לעאָפּאָלד זיך אַרונטערגעבויגן, פלינק אַרויסגעשלעפּט דעם גאָלדענעם זייגער פון יענעמס וועסט־קעשענע און אים אַרונטערגעלאָזט צו זיך אין קעשענע אַריין.

פאַרטיק געוואָרן מיט דעם, האָט לעאָפּאָלד גענומען די באַנדע צו דער סינאַגאָגע. פּריץ האָט אַפּילע געוואָלט נאָכפאָלגן מיט זיינע בליקן און קוקן וואָס זיי קלויבן זיך דאָרט צו טאָן. ער האָט זיך אָבער גלייך געכאַפּט, אַז דער גראַסמאַן גייט דאָרט דערווייל אָפּ אין בלוט און זיך דעריבער גלייך צו אים אַ לאָז געטאָן אים צו העלפן. ער האָט אים אויפגעהויבן פון דער ערד און — ווי אַ קינד — אים אַריינגעטראָגן אין הויז אַריין...

אַז פּריץ איז אַרויסגעקומען פון דאָרט, האָט ער דערזען ווי פון די צע־עפנטע סינאַגאָגע־פענצטער אַרויס האָבן די שטורמיסטן געוואָרפן אין הויף אַרונטער די בענק, טישן, געבעט־ביכער און די טאַלייסים פון די אַלטע לייט. אימיצער פון דער באַנדע האָט דערביי דורך אַ פענצטער אַ יאָג אַרויס געטאָן אַ פאַנאַנדערגעוויקלטע סייפער־טוירע, וועלכע איז זיך צעפלויגן איבער דער לופט ווי עפּעס אַ גרויסער, ווייסער שטערן־שאָס פאַלנדיק פון הימל אַרונטער. אין דעם מאָמענט האָט איינער פון דער באַנדע אונטערגעצונדן די אָנגעוואָר־פענע קופּע זאַכן און באַלד האָט זיך אין דער לופט אַ צעפלאַקער געטאָן אַזאַ ריזיקער פלאַם, געמישט מיט אַ געדיכטן וואָלקן רויך, וואָס האָט זיך געהויבן צום הימל אַרויף און גענומען לעקן די פענצטער פון דער סינאַגאָגע...

פּריץ איז אַרומגעלאָפן ווי אַ צעדולטער און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. ער איז אַוועקגעלאָפן צום טעלעפאָן, אָפּגעקלונגען די פייער־לעשער, אָבער באַקומען אַן ענטפער פון דאָרטן, אַז זיי וועלן צוקומען בלויז דאַן, ווען עס וועט זיך באַווייזן אַ געפאַר פאַר די שכיינישע „אַרישע" געביידעס...

פּריץ איז שיער פון זינען אַרונטער פון פאַרדראָס. ער איז אַריינגעלאָפן צוריק אין הויף אַריין און דערזען ווי די גרופּע, וועלכע האָט געווילדעוועט איבער דער געביידע פון דער עלטער־היים, איז אָנגעגאַנגען מיט איר שרעק־לעכער צעשטער־אַרבעט. זיי האָבן געטריבן די אַלטע לייט פון די געלעגערס אַרונטער און זיי — האַלב־נאַקעטע — אַרויסגעטריבן אויף דער גאַס אַרויס...

זיי האָבן ניט געקוקט אף קיין געוויינען און קיין טרערן. זיי זענען געשטאַנען און ציניש געלאכט פון די צעטומלטע און נערווירנדיקע אַלטע לייט, וועלכע האָבן אין זייער גרויסער פאַרלוירנקייט ניט געקאָנט פאַרבינדן מיט זייערע ציטערדיקע פינגער די שיך־בענדלעך. זיי האָבן אַפילע ניט דערלויבט קיינעם פון די אַלטע צו נעמען אף זיך קאָלדרעס, אָדער מאנטלען, נאָר אזוי — האַלב־נאַקעטע — זיי אַרויסגעטריבן אין דער קאלטער, נאַסער גאַס אַריין. און אזיב עס האָט זיך די שטורמיסטן אויסגעוויזן, אז עס נעמט אימיצן פון די אַלטע אַביסל צו לאנג זיך צו פארנעמען, האָבן זיי מיט די שפיצן פון זייערע שווערע שטיוול זיי געקאָפּעט אף די לייבער און כוצפעדיק־ציניש געלאַכט, ווען עס איז זיי געלונגען צו טרעפן אין סאַמע ווייטיקדיקן פלאץ אַריין, פון וועלכן די אלטע האָבן זיך געקנייטשט און אין דרייען געבויגן...

נאָך האָט פריץ געזען:

איינער, א גאָר אַלטיטשקער פרוי, וועלכער אַלע באַוואוינער פון דער היים האָבן געפלעגט רופן „באבע” צוליב איר טיפער עלטער, האָט די באַנדע גאָר ווילד געמוטשעט. איינער פון זיי, נאָך גאָר אַ יונגער, האָט שאנדלאָז און ציניש אַ דעק אָפּ געטאָן בא איר דאָס לייב, געוואָרפן מיט כויזעק גראָבע רייד צו איר אין פּאָנים און צום סאָף זי ברוטאל ארונטערגעשליידערט פון דעם בעט אראָפּ. פריץ האָט געגנומען ציטערן. לויט דער ווילדקייט פון דער באנדע, האָט ער מוירע געקראָגן, אז זיי וועלן זי פּאָשעט דערמאָרדן. עס האָט אים שטארק פאַרקלעמט באַם הארצן. ער האָט אָפּגעוואָרט אַ מאָמענט און, אָזוי גיך ווי יענע זענען איבערגעאנגען אין א צווייטן פלאץ, זיך אף שנעל אַריינגעכאַפּט אין צימער צו דער אלטיטשקער, קעדיי איר צו העלפן. ווען ער איז אָבער צוגעקומען און.זיך ארונטערגעבויגן צו איר, איז ער געבליבן ווי מיט פאַרכאַלעשטע און ארונטערהענגנדיקע הענט. די אלטיטשקע איז געווען טויט.

מער האָט פריץ שוין ניט געקאָנט אויסהאלטן. ער האָט געפילט ווי דאָס הארץ פלאַצט בא אים. ער האָט געוואָלט אויסשרייען זיין פארדראָס און פּראָטעסט. אויסשרייען אזוי הויך און שטארק, אז אפילע אָט די מענטשנפרעסער באנדע זאָל זיך אויך דערשרעקן און... זיך עפּשער באַזינען.

ער האָט זיך א לאָז געטאָן צו איינעם פון די פענצטער, זיך אריבערגעבויגן צום הויף ארויס און מיטן גאנצן קויעך זיינעם, אין פאַרצווייפלונג, און מיט טרערן אין דער שטימע, געגנומען אויסשרייען:

— העי, איר, דייטשישע מענטשן, וואָס טוט איר?!... פארוואָס פייניקט איר די אומגליקלעכע אלטיטשקע?!... האָט איר אליין דען ניט קיין אייגענע אלטע טאטע־מאמעס?!... וואָלט איר וועלן, אז אימיצער זאָל אזעלכעס טאָן מיט אייערע אלטע עלטערן?!... ווי שעמט איר זיך ניט?!... פארוואָס זאָלט איר עס גאָר אזוי שענדלעך פאַרשמוציקן דעם שיינעם דייטשישן נאָמען און...

ער האָט ניט באַוויזן פאָרצוזעצן די פראזע. צוויי געזונטע לאַפּעס האָבן אים פון הינטן א כאַפּ געטאָן בא זיינע אָרעמס, אַרונטערגעדרייט די הענט אַף ארונטער און אים געגנומען ווילד שלאָגן און אוועקשלעפּן פונעם פענצטער. אַ וויַל שפּעטער איז אָנגעלאָפן לעאָפּאָלד. ער האָט אַ קוק געטאָן אף פריצן מיט אַ מאָדנע שפּאָטישן בליק און א זאָג געטאָן צו די שטורמיסטן:

— אָ, דער קערל איז שטענדיק געווען אַ אידן־קנעכט און אַ פּאַרטעטער צום רייך!...

פּריץ האָט מיט ביטערקייט אַ קוק געטאָן אַף אים. ער האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון די שטורמיסטנס הענט אַרויס, קעדיי מיט די פויסטן זיך אַ וואָרף טאָן אַף לעאָפּאָלדן, אָבער דאָס ניט געקאָנט. צו פעסט האָבן אים יענע געהאַלטן. ער האָט זיך דעריבער אָנגעשטרענגט און מיט אַ פולן מויל זיינעם אַ שפּיי געטאָן לעאָפּאָלדן אין פּאָנים אַריין:

— דו נידערטרעכטיקער אויסוואורף אַזעלכער! — האָט ער מיט גאַל אויסגעשריגן צו אים, — אַזוי, איך בין, הייסט עס, דער פּאַרטעטער?...איך?...נו, און דו?...דו, וואָס האָסט געקושט די הענט באַ די אידן פאַר זייער גוטס טאָן דיר און האָסט זיי דערנאָך פאַראַטן, וואָס ביסטו?... עך, דו!...

אַ צעבלוטיקטן, אַ צעשלאָגענעם האָט מען פּריצן ערגעץ אַוועקגעפירט...

* * * * *

פּריץ און לעאָפּאָלד אַרבעטן שוין ניט מער אינעם אידישן מוישעוו־זעקיינים. עס איז שוין בּיכלאַל ניטאָ אַזעלכעס. דאָס פייער האָט אויפגעפרעסן די געביידע ביזן סאַמע גרונט אַרונטער און בלויז איבערגעלאָזט אַן איינציקע צעפּלאַצטע ציגל־וואַנט, ווי אַן איידעס פון אַמאָליקן געזעלשאַפטלעכן אויפבוי און איצטיקער ווילדער צעשטערונג. די אַלטע לייט זענען שוין אַלע געווען ווער פאַרטריבן און ווער אויסגעשטאָרבן. אַנדערע אידן — געטריבענע פון ווילדע שטורמיסטן — האָבן אָנגעהויבן אָפּראַמען די פאַרברענטע שטיקער, וואָס האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אונטער די פיס... פּריץ אָבער און לעאָפּאָלד, זיי זענען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. פּריץ — אַן אַרעסטירטער פאַר זיין „פּאַרטעטערישן” אויסברוך און אידן־דינסט. לעאָפּאָלד — ווייל ער האָט זיך דערדינט צו דער מאַדרייגע פון אַ שטורמיסט... ער טרייבט דאָס איצט פּריצן צוזאַמען מיט נאָך אנדערע „פּאַרטעטער”. ער בייטשט אים מיט אַ שפּיץ־רוט, שלאָגט אים מיט אַ שטעקן און קאָפּעט אים מיט די שאַרפע שפּיצן פון זיינע שטיוול:

— מאַרש, דו פאַרפלוכטער אידן־קנעכט! — שרייט ער אַף פּריצן מיט כויזעק און האַס, — ריר זיך צו, דו פאָלקס־פּאַרטעטער!...

פּריץ ענטפערט ניט קיין איינציק וואָרט. ער ווייסט שוין גאַנץ גוט וואָס עס מיינט רעדן אין נאַצי־לאַנד...אַף די אייגענע פּלייצעס דערלערנט אָט דעם ווילדן פּאַשיזם...איצט ווייסט ער שוין אַפילע, אַז אַ גרויסער טייל שולד פאַר דערלאָזן דאָס אָנקומען פונעם פּאַשיזם פאַלט טאַקע אויך אַף אים, ווייל ער — ווען עס איז נאָך צייט געווען — האָט ניט גענומען גענוג ערנסט...יאָ, איצט פילט ער, אַז גערעכט זענען טאַקע געווען יענע, וואָס האָבן געוואָרנט, אַז אַ שלאַנג — מעג זי אויסזען ווי אומשולדיק — מוז מען באַצייטנס צעטרעטן מיט די פיס; פאַרניכטן זי, נאָך איידער זי ווערט אַן עמעסע געפאַר...

ער רעדט גאָרניט. ער שווייגט. ער קוקט בלויז אַף לעאָפּאָלדן מיט זיינע טרערנדיקע אויגן און אין האַרצן באַ אים, פילט ער, ווייגט עס אַזוי שטאַרק, ווייגט עס אַזוי ביטער — נאָר צעפּלאַצט צו ווערן...



# „דייטשלאַנד איבער אַלעס"

● נאָכן צווייטן אקט פון דער פאָרשטעלונג אין דעם טעאטער באם אידישן קולטור־בונד, זענען אף דער בינע אריינגעקומען שטורמיסטן. גלייך זענען זיי צוגעגאנגען צום שוישפילער ווילהעלם מילער און אים — אזוי ווי ער איז געווען, א גרימירטן און האלב־אויסגעטאָנענעם — פארנומען מיט זיך.

די פאָרשטעלונג איז שוין, נאטירלעך, ניט פארענדיקט געוואָרן. די באַזוכער זענען — דערשלאָגענע און געבויגענע — ארויס פונעם טעאטער און דורך זייטיקע געסלעך זיך געלאָזן צו זייערע היימען.

ווילהעלם מילער איז געווען א שוישפילער מיט אַ וועלט נאָמען. ערשט ביז מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט ער נאָך געשפילט אף די גרעסטע בינעס פון דייטשלאנד און אייראָפּע און געווען אַנערקאָנט אַלס אַ גרויסער קינסטלער. די לעצטע עטלעכע יאָר אָבער, זינט עס זענען אין לאַנד אַרויס די „אַריער" געזעצן, האָט מען אים פארבאָטן אויפצוטרעטן אינעם דייטשישן טעאטער און שפּעטער אים באַפוילן צו שפּילן אין אידישן קולטור־בונד־טעאטערל, וועלכן דאָס פּראָפּאגאנדע־מיניסטעריום האָט באאויפטראגט צו פונקציאָנירן פאר די אידן, „כּדי זיי זאָלן מיט זייער אַנוועזנהייט ניט באלעסטיקן די „אַרישע" געסט אין די דייטשישע טעאטערס"...

אייגנטלעך פארוואָס די שטורמיסטן האָבן אים פארנומען, האָט ער ניט געוואוסט און ניט געפרעגט. ער האָט פארשטאנען, אז ווען עס זאָל אָפילע יאָ זיין אַן אורזאַך, וועלן עס אים די שטורמיסטן אויך ניט זאָגן.

א פאַרשוויצטן, מיטן גרים אפן פּאָנים, האָבן זיי מילערן ארויסגענומען, אים אַריינגעוואָרפן אין אַן אָפענעם לאַסט־אָטאָ און אין איילעניש אָפּגעפאָרן. די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע, קאַלטע און טריבע. אַ רעגנדל, וואָס האָט זיך ווי געאַישעוועט צי עס זאָל זיך יאָ פארגעמען אף אָן עמעס, אָדער ניט, האָט פון צייט צו צייט זיך פונדעסטוועגן ארונטערגעלאָזט און געשטאָכן אין פּאַנים ווי מיט שפּילקעס. מילער איז געשטאַנען אין אָטאָ, געוואָרן געפּאַטשט פון ווינט און דורכגעפרוירן פון דער טריבער קעלט.

ער איז געשטאַנען און דורך זיין מויעך זענען פאַרבייגעלאָפן זיינע אַלע לעצטע איבערלעבונגען. ערשט ניט לאַנג צוריק האָבן די נאַצים קאָנפיסקירט זיין גאנצן פארמעגן מיט דער ווילע. דער געשטאַפּאָ־אַגענט, בעאיים ער האָט איבערגענומען די זאַכן זיינע, האָט נאָך אַזוי ברוטאַל געכויזעקט:

— ניט געפערלעך, מילער, — האָט ער אַ זאָג געטאָן צו אים, — אויב די יודן פון אויסלאנד שעצן דיך נאָך אַזוי ווי זיי האָבן דיך פריער געשעצט און ווילן, אז דו זאָלסט שפּילן פאַר זיי טעאַטער, קאָנען זיי פאַר דיר צושיקן אויסלייז־געלט און מיר וועלן דיך דאַן לאָזן פאָרן קיין אויסלאַנד...

מילער האָט דעריבער איצט אַ טראַכט געטאָן, אַז עפּשער איז איצט טאַקע עפּעס אָנגעקומען פון אויסלאַנד און דעריבער...

נאָך א שטיקל צייט פאָרן איז מילער, אינגאנצן אָ דורכגעפרוירענער, געבראַכט געוואָרן אין פּאָליציי־ביוראָ. דאָרט זענען שוין געווען נאָך א צען־צוועלף אַרעסטירטע אידן, וועלכע מען האָט געהאַלטן אין פאַרשרייבן. איינער

פון די אַרעסטירטע, האָט מילער געזען, איז געווען אַ קראַנקער, מיט בזילעטע ליידנדיקע אויגן — אַן עפּילעפּטיקער. אינמיטן אויספרעגן אים איז ער גאָר אַ פּאַל אַוועק געטאָן צו דער ערד, גענומען וואַרפן מיט הענט און פיס, און פונעם מויל האָט גענומען זעצן אַ ווייסע שוים...

די נאַצי־שטורמיסטן האָבן זיך אפילו ניט אומגעקוקט דערויף. איינער פון זיי האָט אפילו דעם קראַנקן אַ בריקע געטאָן מיטן פוס און אים אַזוי געלאָזט ליגן אַף דער ערד. ענדלעך זענען זיי פאַרטיק געוואָרן מיטן פאַרשרייבן און אַוועק. אַף צו היטן די ארעסטירטע זענען געבליבן עטלעכע געווײנטלעכע פּאָליציסטן. איינער פון זיי, שוין אַן עלטערער מענטש, האָט נאָכדעם ווי ער איז געבליבן אליין מיט די ארעסטירטע, זיך פאַרזיכטיק ארומגעקוקט און — ווען ער האָט זיך איבערצייגט אַז קיין שטורמיסט איז ניטאָ — אויפגעהויבן דעם קראַנקן, אים אַוועקגעזעצט אַף אַ שטול און צוגעטראָגן אַ גלאָז וואַסער.

מילער האָט געקוקט דערויף און אַ שמייכל געטאָן צו זיך:

„שוין גוטע צייטן, אז פּאָליציסטן ווערן באַלראַכמים״...

ווידער זענען אָנגעלאָפן די שטורמיסטן און געבראַכט מיט זיך עטלעכע אַרעסטירטע אידן. ווען עס האָבן זיך אַזוי אָנגעקליבן אַרום אַ צוואַנציק מאַן, האָבן די שטורמיסטן אלעמען צונויפגענומען, זיי איינגעזעצט אַף דעם זעלבן לאַסט־אָטאָ און זיך ווידער אַ לאָז געטאָן ערגעץ דורך די פינצטערע גאַסן.

איצט איז שוין דאָס פאָרן ניט אזוי קאַלט געווען. דער אָטאָ איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן און מען האָט זיך געוואַרעמט איינער אין צווייטן.

דער אָטאָ איז אריינגעפאָרן אין א הויף פון אַ פּאָלק־שול. דער הויף איז געווען אַ גרויסער, אַ ליידיקער און פינצטערער. איבערן אַריינגאַנג איז געווען א קליין עלעקטריש לעמפּל און אינמיטן הויף, אַף א צווייטן פּלאַץ, איז געלעגן אַ פלעק ליכט, וואָס איז געקומען פון אַן אומגעזעענעם ליכט־וואַרפער.

מען האָט די ארעסטירטע ארונטערגעהייסן פון אָטאָ און זיי געלאָזן שטיין אפן ליכט־פלעק. די שטורמיסטן אליין זענען געשטאַנען אַביסל ווייטער, אין א קופּקע, גערעדט צווישן זיך און געלאַכט. מילער האָט מיטאָמאָל באַמערקט ווי אַ טונקעלע פיגור פון א פּאָליציסט האָט זיך ווי צופעליק פאַרבייגעשלייכט באַ דער זייט און — ווי א פאַרבייגעלאָפן ווינטעלע — שטיל אַ פּליסטער געטאָן:

— הערט, איר, אז מען וועט אייך הייסן אַריינגיין אינעווייניק, טאָ זאָלט איר לויפן מיט וויפל קויכעס איר פאַרמאָגט נאָר. וואָרים יענע לייט...

ער האָט ניט פאַרענדיקט און איז אַוועק ווייטער. מילער האָט נאָכגעקוקט דעם פּאָליציסט מיט אַ מאָדנע געפיל און זיין האַרץ איז באַ אים געוואַקסן:

„נו, אויב אַזוי, איז נאָך אונדזער לאַנד ניט פאַרלוירן... אויב עס איז נאָך דאָ אַזעלכע מענטשן, איז נאָך זיכער פאַראַן דער קויעך, וואָס וועט״...

פון צווישן די שטורמיסטן האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעטיילט איינער און — מיט א רויער טרוקענער שטימע — א דונער געטאָן:

— מאַרש אין געביידע אריין, איר שמוציקע אידן־שווײַנען! מאַרש!...

מילער האָט צוזאַמענגענומען אַלע זיינע קויכעס און זיך אַף שנעל א לאָז געטאָן אין טיר אריין. פון הינטער זיך האָט ער מיטאָמאָל דערהערט א פייַנלעכן געשריי. ער האָט זיך אינסטינקטיוו א קוק אום געטאָן אַף צוריק און דערזען ווי

די שטורמיסטן האָבן מיט זייערע שפּיץ־רוטן ווילד געהאַקט איבער די פּלייצעס און קעפּ פון עטלעכע אידן, וואָס האָבן ניט באַוויזן אַריינצולויפן אַזוי גיך.

מען האָט זיי אַלעמען אַריינגעטריבן אין אַ גרעסערן ליידיקן קלאַס־צימער. מער ווי אַ פּאַשעטער טיש מיט עטלעכע שטולן איז דאָרט ניט געווען. צוויי שוואַכע לעמפּלעך האָבן צעוואָרפן סוידעסדיקע שאָטנס איבער די אָפּגעלאָזן־שמוציקע ווענט. די אידן זענען געבליבן שטיין ווי פאַרלוירענע. ניט זיי האָבן געוואוסט צי זיי זאָלן בלייבן שטיין אינמיטן, צי זאָלן זיי זיך אָוועקרוקן צו די ווענט, אָדער צי זיי מעגן זיך עפּשער גאָר אַוועקזעצן אַף דער ערד. יענע, וועלכע האָבן באַקומען געשלאָגן פון די שטורמיסטן, האָבן זיך עפּעס ווי געזוכט צו האַלטן צווישן אַלע אַנדערע אַרעסטירטע. איינער האָט שטיל געקרעכצט, אַ צווייטער האָט געהאַלטן זיך באַ דער צעשלאָגענער זייט, אַ דריטער האָט באַנעצט מיט שפּייעכץ זיין נאָז־טיכל און דערמיט געזוכט צו קילן דאָס צעזעצטע אויפגעשוואָלענע אויג...

אין צימער איז געווען קאַלט, אָבער שטיקנדיק. אַלע פענצטער זענען געווען פעסט צוגעמאַכט און קיין לופט איז ניט אַריינגעקומען. עס האָט עפּעס געטראָגן מיטן גערוך פון טויטע קערפּערס. קיין וואַסער־קראַן איז אין דעם צימער אויך ניט געווען. און דאַווקע האָט זיך מילערן געוואָלט אַ טרונק. די צונג האָט זיך מאַמעש געקלעפּט צום גומען. די אַרעסטירטע, אויס מוירע אַז מען זאָל זיי אַמאָל דערפאַר ניט שלאָגן, האָבן ניט גערעדט צווישן זיך און זיך אפילו געפּלייסט אויסצומיידן קוקן איינער אַפן צווייטן.

עטלעכע מינוטן שפּעטער זענען אין צימער אַריינגעלאָפן די שטורמיסטן. דער עלטסטער זייערער, אַליין אַ אינגל פון ניט מער ווי אַרום צוואַנציק יאָר, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַן אומרואיקן קנאָפּ אַפן האַלדז, וואָס איז געלאָפן אַף אַרויף און אַראָפּ, מיט אַ פּאָנים — פול מיט פאַרדעכטיקע פרישטשעס, — האָט באַפוילן זיינע העלפער אויסצושטעלן די אידן אין אַ לאַנגער איינצל־ריי און... מילער, ווייל ער האָט זיך ניט געשטופּט, טראַכטנדיק, אַז אימיצער דאַרף דאָך פאָרט זיין דער עקסטער, איז טאַקע אויסגעקומען צו שטיין דער סאַמע לעצטער פון דער לינקער זייט ריי, גלייך אַנטקעגן דעם עלטסטן שטורמיסט.

די שטורמיסטן האָבן זיך צעשטעלט באַ די ווענט. דער עלטסטער האָט גענומען שפּאַצירן אין פאָרנט פון דער ריי, געפּרעסן די אַרעסטירטע מיט שאַרפע בליקן און דערביי געקלאַפּט מיטן שטאָלענעם שפּיץ־רוט איבער דער כאָלעוו פון זיין שטיוול, פלייסנדיק זיך צו מאַכן אַ וואָס הילכיקערן אָפּקלאַנג. ער האָט גענומען שיטן באַליידיקונגען און קלאָלעס אַף די אַרעסטירטע, געזידלט און בזיזעק געמאַכט פון זיי. מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ שטעל אָפּ געטאָן גלייך לעבן מילערן און מיט זיין רויער שטימע אַ דונער געטאָן:

— נון, פאַרפלוכטער יודע, ווי איז דיין נאָמען?!

— ווילהעלם מילער. — האָט ער פּראָסט געענטפערט.

דער שטורמיסט האָט פּלוצלונג אַ בייטש געטאָן מיט זיין שפּיץ־רוט איבער מילערס פּאָנים, אַז גלייך איז אויפגעלאָפן אַ דיאַגאָנאַלער רויט־בלויער פּאַס פונעם לינקן אויער ביז צום רעכטן שפּיץ פון דער גאָמבע. די אויבערשטע ליפּ איז צעשפּאָלטן געוואָרן און אַ שנורעלע בלוט האָט זיך גענומען בלעזלען גלייך צו אים אין מויל אַריין.

— ווי איז דיין נאָמען, האָב איך געפרעגט.

— ווילהעלם מילער. — האָט ער ווידעראַמאָל געענטפערט.

נאָכאַמאָל האָט די שפּיץ־רוט אַ בייטש געטאָן איבער מילערס פּאָנים. דאָס מאָל פאַרטשעפּעט דאָס לינקע אויג זיינס, וואָס איז גלייך אויפגעלאָפן און פאַרמאַכט געוואָרן. דער שטורמיסט איז איבערגעגאַנגען צום צווייטן, צו אַ יונגן מאַן, וועלכער איז געשטאַנען לעבן מילערן:

— און ווי איז דיין נאָמען, יודע?! — האָט ער שפּאָטיש געפרעגט.

דער יונגערמאַן, וועלכער האָט זיך שוין אָפּאָנים געכאַפּט וואָס עס וויל דער שטורמיסט און פאַרוואָס ער האָט געשלאָגן זיין שאָכן, האָט געענטפערט:

— איזראַעל פרידריך בזימוואַל.

— וואָס ביסטו?

— אַ מעדיצין סטודענט.

דער שטורמיסט האָט יענעם אַזאַ זעץ געטאָן מיטן שפּיץ־רוט איבערן פּאָנים, אַז ער איז אַזש אומגעפאַלן.

— וואָס ביסטו, האָב איך געפרעגט.

דער יונגערמאַן האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד, זיך אויסגעגלייכט אין דער ריי און, ניט באַגרייפנדיק וואָס דער שטורמיסט וויל איצט,— געשוויגן. דער שטורמיסט האָט עטלעכע מאָל איינס נאָכן אַנדערן געשמיסן מיט דער רוט איבער יענעמס פּאָנים און מיט יעדן מאָל האָט זיך אַלץ מער בלוט געגאָסן פון די צעעפנטע וואונדן.

— זאָג: איך בין אַ שמוציקער יודן־שוויין! — האָט דער שטורמיסט מיט אַ בייזער רוגזע געשטורעמט. — איך בין אַ שמוציקער יודן־שוויין!

— איך בין אַ שמוציקער יודן־שוויין! — האָט דער געשלאָגענער מיט אַ שוואַכער שטימע נאָכגעזאָגט.

דער שטורמיסט איז אַוועק צום דריטן אין דער ריי:

— וואָס איז דיין נאָמען?

— איזראַעל מאַקס שניידער!

— וואָס איז דיין באַשעפטיקונג?

— איך בין אַ שמוציקער יודן־שוויין!

— העכער, דו פאַרפלוכטער! — האָט דער שטורמיסט אויך אים אַ שניט געטאָן מיט דעם שפּיץ־רוט איבערן פּאָנים.

— איך בין אַ שמוציקער יודן־שוויין! — האָט יענער געשריגן.

מילער האָט געקוקט דערויף און עס האָט אים פאַרקלעמט באַם האַרצן... עס האָט אים שוין ניט אַזויפיל וויי געטאָן זיינע אייגענע וואונדן, ווי אים האָט געפּייניקט דאָס אַכזאָריעס ביכלאַל. עס האָט אים ווי געטאָן פאַר אַלעמען, פאַרן גאַנצן לאַנד, פאַר גאַנץ דייטשלאַנד:

„עך,״— האָט ער זיך געטראַכט, — „אַ שיינעם טאַכלעס האָבן זיי געמאַכט פון דייטשלאַנד. אַ בייטשלאַנד האָבן זיי געמאַכט דערפון. אַ בייטשלאַנד״...

ער האָט ביטער אַ שמייכל געטאָן אין זיך פון עם געלונגענעם וואָרט־שפּיל און זיך אָנגעשטרענגט דאָס ניט אַרויסצעווייזן. דער שטורמיסט, האָט ער גע־זען, איז דערווייל אַוועק ווייטער. ער איז דערגאַנגען צום קראַנקן אידן און —

ווי יעדן איינעם — אויך אים אַ שטעל געטאָן די זעלבע פראַגע. יענער אָבער, נאָך איידער ער האָט באַוויזן צו ענטפערן, איז אַ פאַל געטאָן צו דער ערד און געבליבן ליגן מיטן פּנים אַרונטער. דער שטורמיסט האָט אים אַ קאָפּע געטאָן מיטן שפּיץ שטיוול אין דער זייט און אים באַפוילן זיך גלייך אויפשטעלן. דער מאַן — אַ קרעכצנדיקער — האָט זיך אַפילו יאָ פּרובירט אויפשטעלן, אָבער איז גלייך צוריקגעפאַלן און געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך. דער שטורמיסט האָט אָבער אַלץ געבריקעט איבער יענעמס קאָפּ און זייטן און געשריגן:

— שטעל זיך אויף, דו פאַרפלוכטער, זאָג איך דיר, וואָרים...

— דער מאַן איז טויט, מיין הער! — האָט איינער פון די אַרעסטירטע, אַ דערבייַ־שטייענדיקער, אַ זאָג געטאָן. — ער...

— און ווער פרעגט דיך?! — האָט דער שטורמיסט מאָלע רעציבע זיך אַ וואָרף געטאָן אַף יענעם און אַן אָפּשטעל גענומען כלישטשען מיטן שפּיץ־רוט איבער זיין פּנים הין און צוריק. — וועסט ענטפערן ווען מען פרעגט דיך!...

און צום פּאָליציסט, וועלכער איז געשטאַנען אין אַ ווינקל מיט זיינע אויגן צו דער ערד, — טרוקן צוגעוואָרפן:

— העי, דו, נעם צו די פּעגירע פון דאַנען!

דער פּאָליציסט איז צוגעגאַנגען, גענומען דעם קערפּער בא די פיס און אים אַוועקגעשלעפּט צום ווינקל צימער. דער שטורמיסט האָט זיך נאָך אַלץ ניט אָפּגעשטעלט. ער איז צוגעגאַנגען צו אַן עלטערן מאַן אין דער ריי, מיטאַמאָל אים אָנגענומען בא דער לאַנגער ווייסער באָרד און זי אַן אומגעריכטן שטאַרקן שלעפּ געטאָן. דער איד, אין גרויסע ווייטיקן, האָט אָנגעהויבן ציטערן, אַז די הענט און פיס האָבן זיך אַזש ביי אים גענומען וואָרפן.

— אַזוי, האָסטו, הייסט עס, מוירע?! — האָט דער שטורמיסט געלאַכט.

דער אַלטער האָט ניט געענטפערט. דער שטורמיסט, ווי ער וואָלט זיך עס איצט געגרייט צו פאַרנעמען מיטן דאַזיקן אידן אַף לאַנג, האָט צוגערוקט אַ שטול צו זיך און זיך אַוועקגעזעצט גלייך אַנטקעגן אים:

— נו, שוויינען־ראַבאַי, ווי איז דיין נאָמען? זאָג!

— איז־ראַ־אַ־ע־על... — האָט יענער קוים אויסגעשטאַמלט און ניט געקאָנט ענדיקן. די ציין האָבן ביי אים געקנאַקט איינער אין אַנדערן.

— אַ, ביסטו דאָך, זע איך, יאָ דערשראָקן! — האָט דער שטורמיסט זיך צעלאַכט און, מיטאַמאָל, זיצנדיק אַזוי אַפן בענקל, אַ הויב אויף געטאָן ביידע פיס און מיט דער גאַנצער קראַפט זיינער אַ שטויס געטאָן דעם אַלטן אידן אין בויך אַריין, אַז ער איז אָפּגעפלויגן אַף צוריק מיטן קאָפּ אַן דער וואַנט און איז שוין דאָרט אַזוי געבליבן ליגן אַ גוסעסדיקער...

פאַר די שטורמיסטן האָט דאָס אָבער גאָרניט געמיינט און זיי זענען ווייטער אָנגעגאַנגען מיט די אַכזאָריעסן פון בייטשן די אַרעסטירטע. ענדלעך, אַז ער איז דורכגעגאַנגען די גאַנצע ריי, האָט ער אַ וואונק געטאָן צו די אַנדערע און איז אַוועק מיט זיי. אין צימער מיט די אַרעסטירטע זענען געבליבן בלויז אַ צוויי רעגולערע פּאָליציסטן. איינער פון זיי האָט באַוויזן די אַרעסטירטע צו פאַרלאָזן די ריי און זיך צוזעצן אַף דער ערד. אַליין האָט ער, צוזאַמען מיט דעם צווייטן, אַרויסגעטראָגן די צוויי טויטע קערפּערס אין אַנדערן צימער אַריין. דערנאָך

האט ער געבראכט אן עמער וואסער מיט א בלעכל און פארגעלייגט די אידן, זיי זאלן נעמען א טרונק זיך צו דערפרישן. יענע, אבער, — אפגעשוואכטע, צע־פייניקטע און צעבלוטיקטע — זענען געבליבן ליגן אף דער ערד באוועגלאז.

מילער איז געלעגן, געפרובירט אנטשלאפן צו ווערן, אבער ניט געקאנט, כאטש ער איז געווען זייער מיד און אפגעשוואכט. זיין קאפ האט ניט געוואלט נאכלאזן פון באקלערן זיין לאגע. ער האט געטראכט וועגן דעם גאנג פון דער געשיכטע אין דייטשלאנד און וועגן אייגענעם לעבן. ער האט זיך דערמאנט ווי ער אליין איז געווען א גרויסער דייטשישער פאטריאט און מיטן גאנצן הארצן געגלויבט, אז עס דארף זיין: „דייטשלאנד איבער אלעס"; געגלויבט, אז דער איינציקער וועג פאר אידן איז אסימילאציע, — אויסמישן זיך מיטן דייטשישן פאלק און... נאך מער: ער האט אפילו אויפגעהערט זיך צו באטראכטן פאר א איד, שוין אפגערעדט פון לעבן צווישן זיי, אדער אזוי האבן וועלכע עס איז באציאונגען מיט זיי. מיטן גאנצן וויסן זיינעם האט ער געדינט דייטשלאנד, זיין פאטערלאנד, און שטאלצירט מיט דעם. ער איז זיכער געווען, אז דאס דייטשישע פאלק וועט עס אפשאצן און ניט נאר אים קיינמאל ניט פארווארפן אז ער איז א איד, נאר אפילו אליין ניט טראכטן וועגן דעם. נו, איז אבער אנגעקומען דער פאשיזם און אים גראבּ א זאג געטאן, אז מען וויל ניט זיין בייטראג צו דער דייטשישער קולטור, ווייל ער פארשוועכט זי און...ניט נאר האט מען אים פארבאטן צו שפילן פאר דייטשן, נאר מען האט אים טאקע געצוואונגען שפילן פאר אידן. מען האט אים איבער גוואלד צוריקגעשטויסן צו די אידן און אים — ווי א פאר־ברעכער — גענומען פייניקן...איצט זעט אים אויס, אז ער האט אומזיסט פיל יארן פארלוירן אין א פאלשן גלויבן. ער טראכט איצט, צי איז גאר ביכלאל ניט פאלש פאר א אידישן קינסטלער — אפילו אין די פרייע, דעמאקראטישע לענ־דער, וואו עס גילטן ניט די „ארישע" געזעצן — צו דינען די פרעמדע און נאך דערפאר באקומען אפגעצאלט מיט שטיינער. ווארים...

„ווארים עס פרעגט זיך דאך", — האט ער זיך פרובירט איבערצייגן, אז עס איז אזוי, — „וואו איז אהינגעקומען דאס פרייע דייטשישע פאלק, אט די אלע פארערער מיינע, וועלכע האבן מיך מאמעש אף די הענט געטראגן?...פארוואס שטייען זיי איצט פונווייטן, קוקן זיך צו צו די פייניקונגען און שווייגן?... איז עס דען ניט א באווייז, אז דער אידישער קינסטלער טאר זיך ניט שטופן ארויס צו דער גרויסער אפענער וועלט, נאר מוז בלייבן אינעווייניק?...

ער האט זיך אבער גלייך דערמאנט אין דער האנדלונג פון די עלטערע פאליציסטן און פאר אים איז קלאר געווארן, אז מען פראטעסטירט טאקע יא. עמעס, מען טוט עס איצט בלויז שווייגנדיק, מיט די אויגן, ווייל יעדער ווייסט וואס עס דערווארט אים אויב ער זאל יא אפן ארויסזאגן וואס ער טראכט. דאס באווייזט אבער, אז עס וועט פארט אויסברעכן...און א כוץ דעם: — זענען דען די נאצים דאס דייטשישע פאלק? מען וועט זיי דאך אמאל פארטרייבן און...

און דאן...מילער האט זיך אין די געדאנקען גענומען אויסמאלן יענעם גליקלעכן טאג ווען דאס וועט געשען און איז אזוי, אין אט דער דאזיקער זיי־סער האפנונג, פון מידקייט איינגעשלאפן...

* * * * *

מיטן ערשטן שטראַל בלוי אויפן הימל, האָט מען די אַרעסטירטע אידן אויפגע־וועקט. די פּאָליציסטן האָבן אַרײַנגעבראַכט אַן עמער טײ, יעדן אײנעם געגעבן אַ בלעכן טעפּעלע און געהײסן זיך אָנגיסן טײ צום טרינקען.

מילער האָט זיך אָנגעגאָסן אַ בלעכל טײ, גענומען צו די ליפּן, אָבער עס ניט געקאָנט טרינקען. ניט אַזוי איבערן שלעכטן גערוך פון דער טײ, ווי איבער די צעשניטענע שמערצפולע ליפּן. ער איז בלויז געזעסן, אַרײַנגעקוקט אינעם טעפּל אַרײַן און — דערזעענדיק אין דעם די אָפּשפּיגלונג פון זײַן געשוואָלע־נעם, אין גרים אויסגעשמירטן פּנים — פאַרלוירן אַ טרער אינעם טעפּעלע אַרײַן. ער האָט זיך פאַרטראַכט. מיטאַמאָל זענען אָנגעלאָפן די שטורמיסטן, זײ אַלעמען דורכגעקוקט און ארויסגעטריבן אויפן הויף. דאָרט האָט מען זײ באַלד צעשטעלט אין רײען, ווי סאָלדאַטן, געהײסן זײ מאַרשירן און שרײַען אין כאָר:

— מיר זענען שמוציקע אידן־שווײַנען!... מיר זענען...

מיט בלוטיקע הערצער האָבן די אידן געטאָן ווי באַפוילן. באַ זיך אין די געדאַנקען זענען זײ מעקאָנע געווען יענע צוויי, וועלכע זענען געבליבן דאָרט ליגן אינעם צימער — באַפרײַטע פון אַלע פּײַניקונגען...

אַ ווײַל שפּעטער איז פון דער געבײדע אַרויסגעקומען אַ שטורמיסט מיט אַ פּאַפּיר אין האַנט. ער איז צוגעגאַנגען צו די מאַרשירנדיקע און ווען עפּעס גערעדט מיט אײנעם פון די אונטערײבער. דערנאָך האָט ער אויסגערופן:

— ווילהעלם מילער!... איזראַעל ווילהעלם מילער!...

מילער האָט אַ דערשראָקענער זיך אָפּגערופן. יענער האָט דאַן געזאָגט:

— קום!... נעם צונויף דײַנע זאַכן און קום!...

מילער האָט באַוויזן מיט די הענט, אַז ער האָט ניט מער ווי דאָס, וואָס ער טראָגט אויף זיך און זיך געלאָזט נאָכן שטורמיסט. דאָס האַרץ איז אים שיער ניט אײַנגעפאַלן פון שרעק. ער האָט ניט געקאָנט באַגרײַפן ווען מען רופט אים און פאַרוואָס עפּעס בלויז אים אַלײן... אין געדאַנק האָט ער זיך שוין גענו־מען אויסמאָלן נײַע אַכזאָריעסן וואָס מען וועט אַוואַדע איצט אויף אים אויספירן.

דער שטורמיסט האָט אים אַרײַנגעפירט אין אײנעם פון די צימערן, וואו מען האָט אים געגעבן עפּעס אַ פּאַפּיר אונטערצושרײַבן. אויף וויפל ער האָט געקאָנט כאַפּן מיט זײַן בליק, איז דאָס געווען אַ באַשטעטיקונג, אַז מען האָט אים דאָרט גוט באַהאַנדלט און אַ צוזאָג ניט צו דערצײלן קײנעם וואו ער איז געווען און וואָס ער האָט געזען. דערצו האָט אים ערשט דער שטורמיסט מיט אַ גאַנץ הארבן וואָרט אָנגעזאָגט, אַז פאַר רעדן עטוואָס וועט ער ווידער גענומען ווערן און דאַן...

מען האָט אים אַרײַנגעפירט אין אַ דערבײאיקן וואַש־צימער, געגעבן אים אַ פּיצל זײף מיט אַ שמאַטקע און אים געהײסן זיך ארומוואַשן. דאָס וואַסער איז אָבער געווען קאַלט און דאָס פּנים צעווײטיקט, אַז ער האָט דאָס ניט געקאָנט אָנרירן. פאַר אים איז שוין קלאָר געווען אַז מען גײט אים באַפרײַען. אָבער פאַרוואָס עפּעס מיטאַמאָל? פאַרוואָס עפּעס בלויז אים? און ביכלאַל, האָט אים געוואונדערט, פאַרוואָס האָט מען עס אים לעכאַטכילע גאָר אַרעסטירט?...

סײ־ווי־סײ, דערטראַכטן זיך צו עפּעס האָט ער ניט געקאָנט. מען האָט אים געהײסן גײן און אָנגעזאָגט, ער זאָל אין אַוונט זיך אומבאַדינגט מעלדן אין טעאַטער פון אידישן קולטור־בונד און...

אַ צעבראָכענער איז מילער אוועק אהיים צו זיך. דאָרט איז אַלץ געווען איבערגעקערט און צעג׳שטערט. די ווירטן — אַן עלטערע אידישע פרוי, ווען זי האָט דערזען זײַנע צעשפּאָלטענע ליפּן און דאָס אויפגעלאָפענע פּאָנים מיט דעם פאַרמאַכטן אויג, האָט אַזש געגומען וויינען און ברעכן די הענט. זי האָט אים אָבער בשום אופן ניט געוואָלט זאָגן ווער עס איז געווען אין הויז און וואָס מען האָט געזוכט. דאָס איז אָבער סיי־ווי ניט נויטיק געווען. ער אַליין האָט שוין אַלץ פאַרשטאַנען...

ער האָט זיך געפילט מיד, שוואַך און קאלט, און דעריבער געהייסן דער ווירטן צושטעלן טיי. אַליין האָט ער זיך דערוויל ווי ניט איז אַרומגעוואַשן מיט וואַרעמען וואַסער און — אזוי גיך ווי ער האָט אויסגעטרונקען אַ צוויי גלעזער פונעם הייסן דערפרישנדיקן געטראַנק — זיך געוואָרפן אין בעט אַריין. נאָר וויפל ער האָט זיך ניט געפלייסט איינצושלאָפן, האָט ער עס ניט געקאָנט. פון זײַנע געדאַנקען און אויגן זענען ניט אָפּגעטראָטן די בילדער פון אָט יענע אומגליקלעכע אידן, וועלכע זענען נאָך פאַרבליבן דאָרט, אין די הענט פון די שטורמיסטן, און איבער וועמעס פּענימער עס שיטן זיך נאָך איצט מיסטאָמע די שטאָלענע בײַטשן...ער איז געלעגן און געפילט אַז ער וויינט...

שפּעטער איז אָנגעקומען אימיצער פונעם קולטור־בונד אים באַזוכן. יענער האָט מילערן דערקלערט, אַז זײַן באַפרייאונג איז געקומען דורך דער פאַראָרדנונג פון פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטעריום, קעדיי ער, מילער, זאָל דאָס קאָנען שפּילן טעאַטער פאַר די אידן און...

מילער האָט צעווייטיקט געקוקט אף יענעם און ביטער געשמייכלט. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און אַ טראַכט געטאָן:

„אַזעלכע מערדער! זיי ווילן ווײַזן דער וועלט, אַז די אידן לעבט זיך דאָ גוט און עס פעלט זיי גאָרניט; אַז זיי האָבן זייערע אייגענע קולטור־אינסטי־טוציעס מיט טעאַטערס און זיי פאַרווײַלן זיך אַפילע״...

ער האָט בשום אופן זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן ווי אזוי ער וועט גאָר קאָנען שפּילן טעאַטער אין אזאַ צעבראָכענער גײַסטיקער שטימונג און באַ אָט אַזאַ פיזישן צושטאַנד... ווי אַזוי ער וועט עס גאָר קאָנען אַרויסגיין אף דער בינע, שפּילן אין עפּעס אַ נאַרישן פאַרס וואָס דאָס זעלבע מיניסטעריום האָט באַפוילן אויסצופירן; ווי אַזוי וועט ער עס גאָר קאָנען פאָרשטעלן עפּעס אַזאַ פריילעכן לונג־און־לעבער, רעדן ווערטער נאַרישע, מעכאַנישע, בעאײַם דאָס האַרץ ווערט צעריסן און עס ווילט זיך אויסשרייען פאַר דער וועלט דעם גאַנצן גרויסן וויי?...ווי אַזוי וועלן עס גאָר די אידן קאָנען קומען צו זען אַ שפּיל, ווען מען דאַרף גאָר אָנטאָן זעק מיט אַש אף די קעפּ און טרויערן?...ער האָט דערפילט, אַז דאָס סאַמע פאַראָרדענען אויפצופירן אַזאַ מין שפּיל, איצט, איז אויך אַזאַ מין פּײַן פון די נאַציס, צו דערנידעריקן, באַליידיקן, אָפּשפּעטן און וויי צו טאָן...אָבער זייער באַפעל מוז דורכגעפירט ווערן און...

אין אָוונט איז ער אַוועק אין טעאַטער. ער האָט זיך מעכאַניש גרימירט פאַר זײַן ראָלע און איבערגעקוקט די פּראָזע. ער האָט נערוועז אַרויסגעקוקט דורכן פאָרהאַנג אין זאַל אַריין, צי עס זענען פאַראַן פיל מענטשן. דאָסמאָל איז עס אָבער ניט געווען די געווײַנטלעכע שוישפּילערישע נײַגעריקײַט צו זען

מענטשן און זיך דערהײטערן, נאָר קעדײ צו זען װיפל אידן די נאַצים װעלן עס הײנט צונױפטרײבן, אף אײנצוטײלן זײ די גײסטיקע פײניקונג...

מילער איז ארױסגעטראָטן. אין זאַל איז געװען טונקל װי געװײנטלעך. בלױז די ערשטע רײען זענען געװען אביסל רעפלעקטירט פון דער ליכטיקער בינע־באַלױכטונג. ער האָט אָנגעהױבן זײן פראָזע, זיך געפלײסט אַרײנצו־שפילן זיך אין דער ראָלע, שענקען אױפמערקזאמקײט די מיטשפילער, אָבער דאָך ניט געקאָנט אָפרײסן זײנע בליקן פון די פענימער פון די אידן, װעלכע זענען געזעסן װי צעפײניקטע אין די ערשטע רײען. עפעס זענען די דאָזיקע פענימער אױסגעקומען אזױ ענלעך אף די פענימער פון דעם עפילעפטיקער און דעם אַלטן מיט דער װײסער באָרד, װעלכע זענען מיט אַן אָװנט פריער אַזױ צעפײניקט געװאָרן פון די שטורמיסטן... עפעס האָט זיך אים נאָר אױס־געװיזן, אַז אָט־אָט און באַלד װעט זיך דערהערן אַ באַפעל צו שרײען:

— מיר זענען אַלע אידן־שװײנען!...

מילער האָט דערפילט װי די קױכעס עקן זיך באַ אים. עמעס, שױן ניט אײנמאָל אין זײן לעבן איז אים אױסגעקומען אױפצוטרעטן און שפילן מיט אַ צעבראָכן געמיט, אָדער לאַכן װען דאָס האַרץ האָט געװײנט... דאַן אָבער זענען דאָס אַלץ געװען װײטיקן פערזענלעכע, אײגענע... אײנמאָל, װען זײן געליבטע פרױ איז געשטאָרבן און אַ צװײטמאָל... אָבער איצט, װען אַ גאַנץ פאָלק װערט צעפײניקט און באַשפיגן און באַרױבט... איצט, װען... אים האָט זיך איצט אױסגעחיזן, אַז ער װאָלט געװען מער צופרידן צו זײן איצט דאָרט, געפאנגען פון די שטורמיסטן, װידער באַקומען געבײטשט מיט דעם פײנלעכן שטאָלענעם שפיץ־רוט, אײדער דאַרפן דורכגײן אָט די איצטיקע פײן...

ער האָט זיך אָבער ניט אונטערגעגעבן. ער האָט פאַרטאָפּלט זײן װילן און אָנשטרענגונג, געזוכט אָנצוהאַלטן זיך אין כאַראַקטער און אָנגײן מיט דער שפיל. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן. אין קאָפּ האָט אים אָנגעהױבן מישן און עס האָט אים פאַרשװינדלט פאַר די אױגן. אָט האָט זיך אים מיטאַמאָל אױסגעװיזן, אַז די ראַמפּע נעמט זיך אָפּרוקן פון אים עפעס אַזױ װײט, אף מײלן גאַנצע פון אים און אָט נעמט זי מיט אַ מוירעדיקער קראַפט צוריקלױפן... ער האָט עפעס דערפילט װי זײנע פיס װאַקלען זיך, װי ער װערט שװאַכער און עס פעלט אים אױס אָטעם. ער האָט אַ צעשפרײט געטאָן די הענט, װי אף אָנצוכאַפּן זיך אין עפעס, אָבער געפילט אַרום זיך בלױז אַ מאָדנע פוסטקײט. אין װאָס ער זאָל זיך ניט אָנכאַפּן, האָט זיך אַלץ אָפּגערוקט, נאָכגעגעבן, נאָכגעגעבן, ביז...

מיטאַמאָל איז ער װי אַ שטײן אַ פאַל געטאָן צו דער ערד און...

אין טעאַטער איז געװאָרן אַ צערודערונג. מען האָט ארונטערגעלאָזט דעם פאָרהאַנג. דער אױלעם — אַ צעפײניקטער — איז אין גרױס אײלעניש און מיט געבױגענע קעפּ אַרױס פון טעאַטער און דורך זײטיקע געסלעך זיך געלאָזט אהײם, צו זײערע טרױעריקע הײמען...



# אַ נאַציִשער מעדאַל

● די שטאָט איז שוין געווען פאַרנומען פון אַ וואָך צייט, אָבער בײַ קימאַט יעדן אײַנוואוינער אין די אויגן האָט זיך נאָך אַלץ געזען יענער סאָרט שרעק, ווי בעת־מען דערוואַרט אַז די שטאָט דאַרף ערשט באַלאַגערט, אָדער פאַרנומען ווערן פונעם סוינע. דער געוויינטלעכער לעבעדיקער גאַסן־געטומל איז געווען ווי אָפּגעשטעלט. די מענטשן, ספּעציעל פון אידישן אָפּשטאַם, זענען — סיידן עפּשער צוליב זייער וויכטיקע געשעפטן — געזעסן בײַ זיך אין די היימען און שטילערהייט צווישן זיך גערעדט וועגן דעם גורל וואָס עס דערוואַרט זיי פון די נײַע באַהערשער.

מענטשן האָבן געוואוסט און זיך ניט גענאַרט. זיי האָבן נאָך פון פריער געהאַט די געלעגנהייט צו הערן וואָס עס קומט פאָר אין שכייניש לאַנד, זינט די נאַצים האָבן דאָרט די מאַכט פאַרכאַפּט. קיינער האָט זיך אַפילו ניט געפּרואווט טרייסטן מיט דער האָפנונג, אַז עפּשער וועלן זיי דאָ, אין דעם ניי־פאַרכאַפּטן לאַנד, זיך אויפפירן לײַטישער און ניט אַרויסווײַזן זייער גאַנצע ווילדקייט... פאַרקערט: מען האָט געהאַט אַלע אורזאַכן צו גלויבן, אַז ערשט דאָ וועלן די נאַצים באַווײַזן אַ פולע מאָס אַכזאָריעס, אויס נעקאָמע, וואָס דאָס לאַנד האָט אַזאַ לאַנגע צײַט ניט געוואָלט אָננעמען זייער הערשאַפט און אַרויסגעשטעלט אַ ווידערשטאַנד צו די פאַרעטערישע דינער און שפּרייטער פונעם פאַשיזם בײַ זיך אין לאַנד און צו וועלכן פיל מענטשן האָבן זיך געפילט ווי מיטשולדיקע.

קימאַט יעדער איינער האָט זיך דעריבער געזוכט צו דערמאָנען, צי האָט ער אַמאָל ניט פריער מיט עפּעס אַרויסגעוויזן אַ זאַך, וואָס וואָלט איצט פון די נאַצים געקאָנט אויסגעטײַטשט ווערן ווי אַ געגנערשאַפט צו זיי. מען איז געזעסן, זיך געערגערט, געגריזשעט און זיך אַליין פאַרגעוואָרפן, פאַרוואָס מען האָט פריער ניט אויסגעוואַנדערט פונעם לאַנד, אַנטלאָפן ערגעץ קיין אויסלאַנד, אַזוי גיך ווי עס האָט זיך נאָר אָנגעהויבן שפּירן די געפאַר פון פאַרגוואַלטיקונג. יענע, וועלכע האָבן זיך נאָר געפילט, אַז זיי זענען אונטער אַ חשד, האָבן — ווער עס האָט נאָר געקאָנט — זיך פאַרקליידט, באַהאַלטן, אָדער זיך גאָר אַריבערגעקליבן אין אַן אַנדער טייל שטאָט, קעדיי זיך אויסצוהיטן, אַז עס זאָל אַמאָל אַ פאַרעטערישער פינגער ניט אָנצייגן אַף זיי און...

ניט אַנדערש ווי אַלע אַנדערע באַוואוינער פון שטאָט, האָט אויך פונקט אַזוי געטראַכט דער אַלטער אויסגעדינטער גענעראַל פון דער אַמאָליקער קעניק־קייזערלעכער אַרמיי, דער איד אַלפרעד שטיינבאַך. אויך ער האָט זיך אַלץ געזוכט צו דערמאָנען, צי ער אַליין האָט זיך אַמאָל ניט ווען עס איז אומווילנדיק אַרויסגעכאַפּט פאַר אימיצן מיט אַן איבעריק וואָרט, וואָס זאָל אים איצט קאָנען שאַטן. ער האָט זיך אָבער ניט געקאָנט דערמאָנען וועגן אַזעלכעס. יעדנפאַלס, יעדעסמאָל ווען די פאַרצווייפלונג האָט נאָר בײַ אים גענומען די איבערהאַנט, האָט ער זיך גלײַך גענומען טרייסטן. מיקלוימערשט ווי צו זיך, אָבער דערבײַ גאַנץ בעקיוון אַז זײַן פרוי זאָל אויך הערן, אַ זאָג געטאָן:

— זיי וועלן דאָך ניט וואַגן מיך אָנצורירן!...יאָ, זיי וועלן זיך דאָך מוזן רעכענען דערמיט וואָס איך האָב העכער פופציק יאָר קעסיידער געטריי געדינט

מיין פאָטערלאַנד און זיך דערדינט צו פיל מעדאַלן און אויסצייכענונגען!...

זיין פרוי, מאַדאַם שטיינבאַך, אַ פרוי — אַ הויכע, אַ שטאַלטנע, מיט אַ קאָפּ זילבער־ווייסע האָר פאַרקאַמט אין אַ הויכן קראַנץ, מיט אַ מין ווירדיקן אַריסטאָקראַטישן אויסזען סיי אין דער האַלטונג און סיי אין דער אויסשפּראַך — איז מאַסקים געווען מיט איר מאַן:

— נו זיכער, אַלפרעד! — האָט זי אומזיכער געזאָגט, — זיי וועלן ניט וואַגן, זיכער ניט וואַגן!...

אָבער דאַווקע ווי אַף צו לעהאַכעס, אַזוי גיך ווי זי, זיין פרוי, האָט אים געפּרואווט העלפן זיך באַרויקן, איז ער — פאַרקערט — געוואָרן אַלץ מער אומרויקער. ער האָט דערפילט, אַז ער נאַרט זיך; אַז ער שפּייזט זיך מיט פאַלשע טרייסטונגען... וואָרים האָט ער דען ניט געלייענט אין די צייטונגען, ווי זיי האָבן באַ זיך אין לאַנד אַרעסטירט, באַליידיקט און געפּייניקט מענטשן אַפילע פון דער העכערער געזעלשאַפט: דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן, קינסטלער און אַרמיי־מענטשן, בלויז דערפאַר וואָס זיי זענען אידן?... און האָט ער דען ניט געזען די אַנטלאָפענע, וועלכע האָבן זיך קוים מיט די לעבנס געראַטעוועט פון יענעם אומגליקלעכן לאַנד און אַהערגעקומען, — טראַגנדיק אַף די פּענימער דעם שטעמפּל פון פאַרצווייפלונג און רעזיגנאַציע?...

אָבער איין זאַך האָט אים פונדעסטוועגן געגעבן האָפנונג און וועגן דעם האָט ער זיך געפּרואווט טיילן מיט זיין פרוי:

— און זאָל טאַקע קלאָר זיין, — האָט ער איינגעטיינעט צו איר, פונקט ווי ער וואָלט זי געדאַרפט איבערצייגן אַז אַזוי איז עס טאַקע, — אַז איך האָב זיך קיינמאָל ניט געמישט אין קיין שום פּאָליטיק... ניט געווען פאַר און ניט קעגן... נו, און פאַר ניט זינדיקן, זאָגט די וועלט, שטראָפט מען דאָך ניט, — האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ שטיל געלעכטערל, וואָס האָט באַוויזן, אַז ער אַליין האָט אויך קנאַפּ גלויבן אין דעם וואָס ער זאָגט, — יאַ־יאַ, און פאַר ניט זינדיקן שטראָפט מען ניט!...

ווידער איז זיין פרוי, מאַדאַם שטיינבאַך, אים געקומען צו הילף. זי האָט מיט ווירדיקייט איינגעשטימט:

— זיכער, טייערער. זאָלן ציטערן יענע, וואָס האָבן זיך ניט געהאַלטן אין די ראַמען פון זייערע אייגענע פליכטן און אינטערעסן, נאַר...

און גלייך, איבערבייטנדיק דעם טאָן פון אירע רייד, ווייך און צערטלעך אַ זאָג געטאָן צו אים:

— עפּשער וואָלסטו, אַלפרעד, זיך אויפגעהערט זאָרגן און זיך בעסער צוגעשפּאַרט אַביסל?!... דו זעסט אויס מיד... האָסט דאָך זיך נאָך היינט גאָרניט אָפּגערוט נאָך דיין שפּאַציר און...

מיטאַמאָל, פונקט ווי דאָס גרעסטע אומגליק וואָלט זי געטראָפן, האָט זי אין פאַרצווייפלונג אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און, פאַרגלאָצנדיק די אויגן, מיט פאַרוואָרף קימאַט אויסגעשריגן:

— אָ, גאָט מיינער, אַלפרעד! דו ביסט דאָך אָבער היינט, ווי מיר שיינט, גאָר איינגאַנצן ניט געווען פאַר דיין טעגלעכן שפּאַציר!...נו, און דער דאָקטאָר האָט דאָך דיר אַזוי שטרענג אָנגעזאָגט, אַז...

זי האָט אַ קלונג געטאָן אַ גלעקל. באַלד האָט זיך אויף דער שוועל באַוויזן אַ טרוקן־שטײַפער דינער מיט אַ פראַגע אין זײַנע אויגן.

— גיב, פעליקס, דעם הער זײַנע פאַנטאָפל מיטן שלאָף־ראָק! — האָט זי אַ באַפעל געטאָן, — פאַרצי די ראָלעטן און לאָז קײנעם ניט שטערן דעם הער! ער דאַרף רוען!...

דער דינער איז צוגעגאַנגען, גענומען פון ערגעץ די ווײכע פאַנטאָפל, אַרונטערגעצויגן פונעם אַלטן די שיך מיטן רעקל און, פאָרזיכטיק — ווי אַן אויספוצער טוט אַן קלײדער אויף אַ מאַנעקען אין אַ קלײדער־געשעפט — אָנגעצויגן אויפן אַלטן הער שטײַנבאַך די פאַנטאָפל מיטן שלאָף־ראָק. דערנאָך האָט ער אַרונטערגעצויגן די ראָלעטן, איז אויף די שפּיץ פינגער אַרויס פונעם צימער און פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך.

די מאַדאַם, פרוי שטײַנבאַך, איז געבליבן שטײן ביז ער האָט זיך צוגעלייגט. דערנאָך איז זי אַרויס אין איר דערבײַיִקן בודואַר, לאָזנדיק עטוואָס אָפן די טיר צווישן איר און דעם מאַנס שלאָף־צימער, ווי קעדײ צו קאָנען פון צײַט צו צײַט כאַפּן אַ בליק אויף אים. אַלײן האָט זי זיך צוגעלייגט אויף איר ווײך־געבעטער און באַקוועמער פאָטעל־סאָפע און פויל גענומען בלעטערן דעם אילוסטרירטן וויצן־זשורנאַל. שטיל און בעקאָוועדיק האָט זי צוגעשמײכלט צו זיך איבער די קאַריקאַטורן און צײכענונגען, וואָס האָבן אויסגעלאַכט די הײַנטיקע יונגע שײנע פרויען, וועלכע פאַראַטן אַזוי געשיקט זײערע מענער אין די אויגן. זי האָט זיך געפילט אַביסל שאָקירט פון אַ צײכענונג אין קאָלירן פון עפּעס אַ מאָדערניסטישן מאָלער, וואָס האָט פאָרגעשטעלט אַ יונגע שײנע מײדל, וועלכע איז — קימאַט אַ נאַקעטע — געלעגן אויסגעצויגן אויף אַ קושעטקע און דערבײַ אַרײַנגערעדט אין טעלעפאָן אַרײַן:

— עפּשער וואָלסטו, טײַערער, זיך בעסער אַריבערגעכאַפּט אַהערצו, צו מיר, וואָלט איך מיר אײַנגעבערענגט די אַרבעט פון אָנטאָן זיך?!...

די אַלטע פרוי שטײַנבאַך האָט געקוקט אויף אָט־דעם בילד מיט אַ מאָדנעם געפיל. און וויפל זי האָט אַלץ ניט געפילט ווי אַוועקצונעמען אירע בליקן פון דעם, האָט עס איר דאָך אַלץ געצויגן ווײטער צו קוקן דערויף. זי האָט אפילע פרובירט אויסטײַטשן וואָס די אויפשריפט מײנט און ווען זי האָט אָנגעכאַפּט די פולע מײנונג — געפרואווט באַשטרײטן מיטן געדאַנק, אַז עס איז דאָך אומעגלעך אַזאַ ערנסטער זשורנאַל זאָל דרוקן אַזעלכע אָפענע און באַנאַלע פאָרנאָגראַפישע אָנצוהערענישן...

„ניט אַנדערש", — האָט זי געטראַכט, — „אַז דאָ ליגט עפּעס אַ פּילטיפערער מײן. וואָרים עס קאָן זיך ניט גלויבן, אַז אין אַזאַ צײַט, מיט אַזעלכע וויכטיקע געשעענישן, זאָל מען דרוקן פּאָשעטע נאַרישקײטן און קײן אײנציקע באַמערקונג ניט וועגן דעם... יאָ, זײ מײנען זיכער דערמיט די נאַציס"...

אָבער וואָס און ווי אַזוי, האָט זי זיך ניט געקאָנט דערקלערן. זי האָט ווײטער געקוקט אויפן בילד און ווידעראַמאָל געלײענט דעם איבערשריפט, אין דער האָפנונג זיך פאָרט צו דערגרונטעווען, אָבער עס איז דערפון גאָרניט אַרויסגעקומען און טראַכטנדיק אַזוי איז זי אַנדרימלט געוואָרן...

אין הויז איז שטיל געווען. די רואיקײט אין די צימערן האָט אויסגעזען,

ווי אָנגעפּילט מיט א מאָדנער סוידעסדיקער הייליקייט ווי אין א פּוסטער קירכע. די שאָטנס פונעם גענעראלס שלאָף־צימער, וואָס האָבן זיך אריינגעריסן דורך די אַרונטערגעלאָזטע ראָלעטן, האָבן ארומגעשפּאַנט שטיל, נאָר ווי גאַנאָווים, דערגאַנגען ביז דער טיר פון פרוי שטיינבאַכס בודואַר און געבליבן שטיין אף דער שוועל, ווי זיי וואָלטן מוירע געהאַט זי אַריבערצוטרעטן. באַלד זענען זיי צוריק אָפּגעטראָטן און שטילערהייט זיך באַהאַלטן אין די ווינקעלעך. פון זאַל אַרויס האָט זיך געהערט דאָס זאָרגלאָז־פרידלעכע צוויטשערן פון א קאַנאַריקל, וואָס האָט ארומגעטאַנצט אינעם שטייגל...

דורך דער קיך־טיר האָט אימיצער אריינדערלאַנגט די מיטנטאָג־צייטונג. דער דינער, וועלכער פלעגט זי געוויינטלעך גלייך נאָכן באַקומען אריינטראָגן צו הער שטיינבאַך, האָט דאָסמאָל — ווייל ער האָט געוואוסט אז יענער שלאָפט, — זיך אליין אוועקגעזעצט אריינקוקן אין איר.

די גאַנצע צייטונג, האָט ער געזען, איז געווען אָנגעפּיקעוועט מיט פאַרשידענע אויפרופן און באַפעלן פון די נייע אריינדרינגער; מיט דערקלערונגען און פאַראָרדנונגען. די גאַנצע ערשטע זייט איז געווען פול מיט באַפעלן וועגן נעמען אידן אף צוואַנגס־אַרבעט צו רייניקן די גאַסן און אַרונטערצעוואַשן די פאַרשידענע אויפרופן, לאָזונגען און באַפעלן, וואָס זענען געבליבן פון דער פריערדיקער רעגירונג און פון דער פאָלקס־פּאַרטיי, וועלכע האָט די דאָזיקע רעגירונג געשטיצט און, איבערהויפּט יענע, וואָס זענען איבערגעבליבן נאָך די „פאַרעטערישע” דעמאָקראַטן, סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן.

ערגעץ אף אן אינעווייניקסטער זייט פון דער צייטונג האָט פעליקס דערזען אַ בילד פון א גרופּע אידן, וואָס זענען שוין געווען אַרויסגעטריבן און — אונטער אַ וואַך פון שטורמיסטן — געזעסן אף די קני און געוואַשן אַ טראָטואַר. צווישן די אידן האָט פעליקס, וואָלט ער געקאָנט שווערן, דערקאָנט איינעם אַ מאַן, וועלכער פלעגט אָפט קומען צו גאַסט צו די שטיינבאַכס. יענער, אויך אַן אויסגעדינטער אָפיציר פון דער אַרמיי, אָבער אין ציווילן אָנגעטאָן. יאָ, ער האָט אַפילע דערקאָנט די צוויי זילבערנע באַקן־בערד בײַ יענעם און זיינע טיפע, געקנייטשטע און געזעקלטע אויגן. פעליקס האָט געקוקט אפן בילד און א צעווייטיקטער אַ טראַכט געטאָן:

„מען דאַרף פאַרניכטן די צייטונג... ניט ווייזן זי די שטיינבאַכס, וואָרים עס וועט זיי זיכער די הערצער צעברעכן און”...

ער האָט זיך אָבער גלייך געכאַפּט, אַז דאָס איז אַ נארישקייט. קאָן מען דען אַזאַ זאַך באַהאַלטן?...קאָן מען דען דורך דעם פאַרדעקן פאַר זיי דעם ביטערן עמעס?...פריער אָדער שפּעטער וועלן זיי זיך דאָך דערוויסן וועגן דעם און... עס וואָלט דעריבער עפשער גלייכער געווען, אז ער זאָל שוין, טאַקע גלייך, אַריינטראָגן די צייטונג צו זיי און ציען זייער אויפמערקזאַמקייט צו דעם דאָזיקן בילד, קעדיי זיי זאָלן וויסן ווי עס האַלט און זיין צוגעגרייט אויב...

ער האָט אָבער דעם דאָזיקן געדאַנק גלייך אָפּגעוואָרפן פון זיך:

„צו, אים וועט עס ניט קומען. ניט אַזעלכע מענטשן מיינען זיי מיסטאָמע... אָט, קאָמוניסטן, סאָציאַליסטן און...

אַז ער האָט אָבער נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן אין דער צייטונג און דערזען

אפן בילד יענעם אָפיציר, שטיינבאכס פריינט, בּאַ װאָס דער דערגידעריקונג, איז זיין זיכערקייט גלייך פאַרשוואונדן פון אים און...

ער האָט דאָן אַ נעם געטאָן די ציַיטונג און שטיל, מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, זיך געלאָזט צום בּודואַר פון דער מאַדאַם.

זי, פרוי שטיינבאַך, אַז זי האָט דערהערט די טריט, האָט זיך גלייך אויפ־געכאַפּט פון איר דרימל און, דערזעענדיק פעליקסן, צעשראָקן אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז געשען, פעליקס? וואָס ביסטו אַזוי...

ער האָט אַ שווייגנדיקער איר דערלאַנגט די ציַיטונג און מיט אַ פינגער אָנ־געוויזן אפן בילד. זי האָט אָנגעלאָדן די לאָרנעטקע דערויף און גלייך גענומען ציטערן. באַלד האָט זי זיך נערוועז אַ שטעל אויף געטאָן פון איר פאָטעל און ווי אַ פאַרלוירענע אָנגעהויבן אַרומשפּאַנען. מיטאַמאָל האָט זי מיט דער האַנט אַ באַווייז געטאָן פעליקסן ער זאָל אַוועקגיין. געפילט האָט זי, אַז איצט דאַרף זי אויפוועקן דעם מאַן און...

„מען דאַרף אַ טראַכט טאָן וואָס צו טאָן“— האָט זי שיער ניט אַף אַ קאָל אַרויסגעזאָגט אירע געדאַנקען. — „עפּעס דאַרף מען דאָך זען צו טאָן. ס'איז דאָך אַבּסאָלוט אומגלויבלעך, אַז“...

זי איז אַריין צום מאַן. מיט אַ לייכט הוסטעלע האָט זי אים איבּערגעוועקט און געוויזן די ציַיטונג. ער האָט מיט פאַרשלאָפענע אויגן געקוקט אפן בילד, אַ וויש געטאָן די אויגן, נאָכאַמאָל באַטראַכט פון דער נאָענט און ענדלעך מיט אומגלויבן אַ פרעג געטאָן:

— דענקסטו, טייערע, אַז דאָס איז טאַקע ער, פרידריך באַכמאַן?...

— איך צווייפל ניט!...

— איך וואָלט געדאַרפט טעלעפאָנירן צו אים און אויסגעפינען...

זי האָט גענומען ציטערן:

— ניין, אַלפרעד, טו דאָס ניט!... היינטיקע ציַיטן...

ער האָט זיך אָן אָנמאַכטיקער אַרונטערגעלאָזט אַף דער שטול:

— איך האָב אים אָבער שטענדיק געוואָרנט, אַז ער זאָל זיך ניט מישן און ער האָט זיך דאָווקע יאָ געמישט. — האָט שטיינבאַך מיט אַ מאָדנער זעלבּסט־צופרידנקייט געמורמלט. — ער האָט אַלץ געטיינעט, אַז בּאַ די היינטיקע ציַיטן טאָר זיך קיינער ניט פאַרגינען צו בּלייבּן שטיין אָן אַ זייט. היינט, האָט ער אַלץ געזאָגט, מוז מען זיין אַהין אָדער אַהער און, נאָך מיך אויך געוואָלט אין דעם אַריינשלעפּן... נו־יאָ, שיין וואָלט איך עס איצט אויסגעזען ווען איך פאָלג אים. כ'וואָלט איצט אַהאַדע אויך געזעסן און... ער זאָל כאָטש אָפּקומען בּלויז מיט דעם און...מען זאָל אים אַמאָל כאַלילע ניט אַוועקשיקן אין אַ קאַנ...

ער האָט ניט פאַרענדיקט דאָס וואָרט. די שרעק פאַרן געדאַנק בּלויז האָט אים ווי צעטומלט. ער האָט בּאַדויערט זיין פריינט און דערבּיי געפילט עפּעס אַ צופרידנקייט, וואָס ער איז געווען קלוג און זיך אויסגעהיטן דערפון...

די דאָזיקע צופרידנקייט האָט ער אויסגעדריקט אַף אַזאַ אויפן:

— אָן אָפיציר, מיין טייערע, דאַרף וויסן סטראַטעגיע!...

זי האָט מיט שטאָלץ געקוקט אַף אים און צוגעשטימט:

— אַ קלוגער אָפיציר פירט קלוגע סטראַטעגיע...

זיי האָבן זיך צוגעזעצט, געריידט וועגן באַכמאַנען און געזוכט עפּעס אַ וועג ווי צו העלפן אים. שטיינבאַך האָט אַפילו געוואָלט טעלעפאָנירן וועגן דעם צו זיין פריינט, דעם פּאָליציי־מייסטער פון שטאָט, און אים בעטן, אַז ער זאָל העלפן. פרוי שטיינבאַך איז אָבער באַשטאַנען, אַז ער זאָל עס ניט טאָן:

— וואָס וויינציקער דו וועסט זיך היינטיקע צייטן שטופּן אין די אויגן, — האָט זי געטענהט, — אַלץ געזונטער וועט עס זיין פאַר דיר!...

ער האָט נאָכגעגעבן און אַלץ ניט אויפגעהערט צו באַטראַכטן דאָס בילד אין דער צייטונג, ווי ער וואָלט געזוכט אַן אָנדייט, אַז עס איז ניט באַכמאַן.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט עפּעס אַ טומל בײַ דער אריינגאַנג־טיר. אַ דרייסטער, בוזפּעדיקער קלאַפּ און קלונג האָט צעריסן די סאָלידע שטילקייט. דערצו האָט זיך, אויך גלייך דערהערט פעליקס געשריי:

— וואָס האָט איר געוואָלט?...וועמען זוכט איר?...

דערויף האָט זיך דערהערט אַ שטייפער ענטפער:

— אַלפרעד שטיינבאַך! איז ער אינדערהיים?...

דער דינער האָט עפּעס געענטפערט, אָבער באַלד האָט זיך ווידעראַמאָל דערהערט דער בוזפּעדיק־גראָבער געשריי:

— דו טרעט בעסער אָפּ, שטיק בהמה!... טרעט אָפּ, איידער דו וועסט באַפן איבערן נאַרישן קאָפּ דיינעם, דו יודן־קנעכט!... רוק זיך אָפּ, סיידן דו ווילסט פוילן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער!...

און גלייך האָבן זיך איבערן קאָרידאָר אַ טראָג געטאָן אַ צאָל שווערע און פעסטע טריט, וואָס האָבן זיך דערנעענטערט צו די אינעווייניקסטע צימערן.

בײַ דעם הער שטיינבאַך און זיין פרוי זענען די בלוטן ווי פאַרגליווערט געוואָרן. זיי האָבן געקוקט איינער אַפן אַנדערן און...

— שרעק זיך דאָך ניט! — האָט ער מיט קנאַקנדיקע ציין זי פּרובירט צו באַרואיקן און דורך דעם קלאָר באַוויזן, אַז ער אליין ציטערט אויך. — עס מוז אַוואַדע זיין וועגן עפּעס אַ קלייניקייט און...

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין אַנטקעגן. אין זאַל זענען אַריינגעגאַנגען דריי שטורמיסטן. מיט זייערע בלאָטיקע שטיוול האָבן זיי ווי בעקיוון איינגעטראָטן און צעשמירט דעם טייערן פּערסישן טעפּיך און מיקלוימערשט גאַנץ ניט ווילנדיק אַרונטערגעוואָרפן עפּעס אַ זעלטענע וואַזע, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל אַף אַן אַנטיק־טישל. איינער פון זיי האָט וואוילינגעריש אַ שנאָל געטאָן דעם קאַנאַריקל אין שנאָבל אַריין, אַז ער האָט אָזש גענומען צעשראָקן פּישטשען.

פרוי שטיינבאַך איז זיי אַנטקעגנגעלאָפן מיט פאַרבראָכענע הענט. ווי אַ פאַרכאָלעשטע האָט זי זיך געבעטן בײַ זיי:

זייט דאָך פאַרזיכטיק, מיינע הערן, זייט דאָך פאַרזיכטיק!...

איינער פון די שטורמיסטן האָט ציניש אַ לאַך געטאָן צו די אַנדערע:

— זעט נאָר, קאַמעראַדן, ווי די אַלטע הינטעכע האָט זיך צעיאָכמערט!...

און ווי אין ענטפער אַף אירע געבעטן, ערשט אַף צו לעהאַכעס אַ שטאַרקן זעץ געטאָן מיט דער פויסט אין אַ געמאָלטן בילד, וואָס איז געהאַנגען אַף דער וואַנט און דאָס דורכגעלעכערט. הער שטיינבאַך, אינעם שלאָפראָק און מיט די שטעק־שיך אַף זיך, איז — אַ צעווייטיקטער, אָבער שטאָלצער — צוגעגאַנגען:

— מיט וואס קאן איך אייך דינען, מיינע הערשאפטן?...

— פארנעם זיך! — האט דער עלטסטער א זאג געטאן צו אים. — קום מיט אונדז! מען דארף ריינקן די גאסן און אפוואשן די ווענט פון די פאר־שידענע שמוציקע אויפרופן, וואס אייער קאמוניסטישע אידישע רעגירונג האט דא איבערגעלאזט נאך זיך!...

הער שטיינבאך האט זיך געמאכט הארץ:

— א, איר מוזט זיכער מאכן א טאעס, מיינע הערן! — האט ער צו זיי געפרוווירט שמייכלען. — איר מוזט אוודאי ניט מיינען מיך!...איך...איך בין דאך גענעראל שטיינבאך, פון דער קעניג־קייזערלעכער ארמיי און...

— אבער א יודע ביסטו דאך! — האט דער עלטסטער שארף א געשריי געטאן, — און יודן נעמען מיר!...קום! — האט ער אים שוין א געב געטאן באם ארעם, — קום, האב איך געזאגט!...

הער שטיינבאך האט דאן טעלעפאנירט צו זיין פריינט, צום הער ווינקל, דעם פאליציי־מייסטער פון שטאט, אבער באקומען אן ענטפער פון יענעם, אז עס טוט אים לייד און ער קאן גארניט טאן פאר אים. שטיינבאך האט דאן אין א געבראכן געמיט גענומען אפעלירן צום שטורמיסט, אז יענער — אליין א מיליטערישער — זאל אכטן זיין ראנג, נאר עס האט ניט געהאלפן. ער, דער שטורמיסט, איז באשטאנען אז שטיינבאך זאל גלייך גיין מיט זיי:

— עס וועט דיר גארניט העלפן, יודע! — האט ער טרוקן געענטפערט, — דו מעגסט אפילע האבן געווען דער קייזער זעלבסט!...

פרוי שטיינבאך האט דאן מיט פארבראכענע הענט גענומען בעטן:

— מענטשן, ער איז דאך אן אלטער און שוואכער מאן, — א קראנקער! דער דאקטאר האט אים ערשט נעכטן געהייסן פיל רוען און...איר... איר וועט דאך אים דורך דעם אינגאנצן דערמארדן!...

דער שטורמיסט האט מיט בייזע שטשירענדיקע ציין א שטעל אויס געטאן א גרויסע, צעעפנטע דלאניע גלייך אנטקעגן איר פאנים און מיטאמאל זי אזא שטויס געטאן אף צוריק, אז זי איז אזש מיט א היסטערישן קוויטש אומגעפאלן הינטער זיך. שטיינבאך האט געוואלט צוגיין צו העלפן איר אויפצושטיין, אבער א שטורמיסט האט אים א נעם געטאן באם ארעם און געשריגן:

— נו, געגאנגען זאל ווערן!... ניטא קיין צייט פאר סענטימענטן!...

שטיינבאך האט שוין געזען, אז עס וועט גארניט העלפן און ער וועט מוזן גיין. ער האט דעריבער פאטעטיש א זאג געטאן צו זיי:

— איר וועט דאך מיר אוודאי דערלויבן זיך פריער אנטאן, מיינע הערן, איך קאן דאך ניט גיין אזוי, א נאקעטער!...

— נו, גוט! — האט דער עלטסטער צוגעווארפן, — אבער מאך עס גיך! מיר גיבן דיר דערויף בלויז צען מינוטן!...

זיי האבן זיך ברייט צעזעצט אף די ווייך־געבעטע שטולן און פארויכערט סיגארעטלעך. שטיינבאך איז אריין אין זיין דערבייאיקן צימער אף צום אנטאן זיך. מיטאמאל האט א געדאנק א שמייכל געטאן אין זיין מויעך:

„אז שוין יא גיין, וועל איך זיי אזוי פארשווארצן די מיעסע פארצופס, אז זיי וועלן זיך דארפן באגראבן פון שאנד"...

ער האָט אַרויסגענומען פון דער קליידער־שאַפע זיין אַלטן פּאַראַדנעם גענעראַל־מונדיר, וועלכן ער האָט געהאַלטן אָפּגעהיט זינט זיין דימיסיע מיט עטלעכע יאָר צוריק און געפּלעגט באַנוצן בלויז פאַר די אויסערגעוויינטלעכע מיליטערישע פייערונגען אָדער באַנקעטן. ער האָט צוגעטשעפּעט צו דער ברוסט אַלע זיינע מעדאַלן און קרייצן, וואָס ער האָט פאַר די אַרום פופציק יאָר דינסט זיך דערוואָרבן; אָנגעטאָן אַף די שיך זיינע שפּאָרן, אָנגעצויגן אַף די הענט די ווייסע הענטשקעס און איז אַריין צו די שטורמיסטן מיט אַ גלייכן און אַ דרייסטן גאַנג. יענע, אַז זיי האָבן אים דערזען אין אָט דער אויסשטאַטונג, האָבן אים גלייך ניט דערקאַנט און פון צעטומלעניש אויפגעשפּרונגען פון די פּלעצער. איינער פון זיי האָט אַפילו אויס דיסציפּלינאַרער געוואוינשאַפט פאַרלאָשן זיין סיגאַרעטל און זיך געכאַפּט סאַלוטירן. אַ צווייטער — האָט גאָר ווי פאַרלוירן גענומען שטאַמלען צו דעם עלטסטן:

— איך... עפשער וואָלטן מיר בעסער ניט...

דער עלטסטער איז אָבער גלייך געקומען צו זיך און אַ זאָג געטאָן:

— די קונצן, יודע, וועלן ניט געלינגען!...גענעראַל, אָדער ניט,— אַ פאַרפלוכטער יודע ביסטו אָבער פאָרט און ווי אַזעלכער וועסטו דאָך מוזן גיין אַרבעטן!... יאָ, אַפילו אינעם גענעראַל־מונדיר וועסטו מוזן גיין!...

ער האָט אַ וואונק געטאָן צו זיינע געהילפן אַז זיי זאָלן זיך ביידע שטעלן אין די זייטן פון גענעראַל און אַ באַפעל געטאָן:

— נון — פאָראויס — מאַרש!...

הער שטיינבאַך האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו זיין פרוי, וועלכע איז שוין געהאַט געקומען צו זיך און איז מיט פאַרבראָכענע הענט נאָכגעלאָפן צו דער טיר, פּרובירנדיק נאָך אַלץ אַפּעלירן צו די שטורמיסטן. ער האָט איר באַוויזן, אַז זי זאָל זיך באַרואיקן, ווייל ער וועט זיכער באַלד צוריק אַהיימקומען פון דאָרט, אַזוי גיך ווי דער טאָעס וועט נאָר קלאָר ווערן...

דער עלטסטער האָט ציניש געלאַכט און, דערזעענדיק, אַז פעליקס איז צוגעגאַנגען צו פרוי שטיינבאַך זי צו באַרואיקן,— אים אַ דראָע געטאָן:

— און דו, יודן־קנעכט, מעגסט זיך אויך גרייטן!...

* * * * *

אַפן פּלאַץ, וואו מען האָט געטריבן דעם גענעראַל שטיינבאַך צו דער אַרבעט, זענען שוין פון סאַמע פרי געווען אַ צאָל אידן. יונגע און אַלטע זענען זיי געשטאַנען אַף די קניען, מיט באַרשטן געריבן די טראָטואַר־פּלאַסטן און זיי אָפּגעשווענקט מיט וואַסער. באַם ברעג טראָטואַר זענען געשטאַנען די שטורמיסטן מיט פאַרלייגטע הענט אַף די ברוסטן, אונטערגעטריבן און כויזעק געמאַכט:

— שנעלער, איר פוילענצער! שנעלער און ריינער! שוין ניטאָ מער די אַמאָליקע צייטן ווען מיר האָבן געאַרבעט פאַר אייך! איצט וועט איר שוין מוזן אַרבעטן פאַר אונדז! איז שנעלער, ריינקט אָפּ וואָס איר האָט פאַרשמוציקט!

פאַרבייגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ ווייל, געכאַפּט אַ קוק אַף דעם וואָס עס קומט פאָר, באַדייטונגספול אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און שווייגנדיק אַוועק זייער וועג. צומאָל האָט אימיצער אַ שטילן קרעכץ געטאָן. אַ צאָל יונגע אָפּגעריסענע אינגלעך זענען אָנגעלאָפן ווי אַף בייז וואונדער און געהאָלפן די

שטורמיסטן בויזעק צו מאַכן פֿון די געפּייניקטע אידן...

די דריי שטורמיסטן זענען אָנגעקומען מיט שטיינבאַכן. יענע שטורמיסטן, וועלכע זענען געשטאַנען באַם אונטערטרייבן די פֿריערדיקע, בעאײס זיי האָבן דערזען דעם געפֿירטן גענעראַל, זענען אפֿן מאָמענט געבליבן שטיין אַזוי ווי אָפּהענטיקע און פֿרעגנדיק געקוקט אַף די אָנקומענדיקע. דער עלטסטער האָט מיסטאָמע פֿאַרשטאַנען זייער וואונדערן זיך און וואוילינגעריש צוגעוואָרפֿן:

— איר זעט וואָס פֿאַר אַ העכט מיר האָבן איצט אַהערגעבראַכט?!...ניין, ניט קיין איינפֿאַכן יודע, נאָר אַ פֿאַראַדנעם — אַ גענעראַל, כע־כע־כע!...

ער האָט גלייך גענומען אַ באַרשט, זי אַריינגעהאַקט שטיינבאַכן אין דער האַנט אַריין און אים דערביי אַזאַ שטאַרקן שטויס געטאָן, אַז ער איז אַזש אומגעפֿאַלן.

— נון, גענומען זיך צו דער אַרבעט, פֿאַרפֿלוכטער! — האָט ער, דער שטורמיסט, געשריגן, — און מאַך עס טאַקע ווי אַ גענעראַל, גיך און גוט!...

שטיינבאַך האָט זיך אויפֿגעזעצט און גענומען רייבן דעם שטיין. ער האָט דערביי אַ טראַכט געטאָן:

„אָט דאָס באַקום איך דערפֿאַר וואָס איך האָב זיך ניט געמישט...עס קאָן עפּשער זיין, אַז ווען איך און נאָך אַזעלכע טויזנטער ווי איך וואָלטן זיך יאָ געמישט, וואָלטן זיי אַוואַדע ניט געקומען און איך וואָלט איצט ניט"...

און ווי אַף צו לעהאַכעס גענומען מיט ביטערקייט רייבן מיט דער באַרשט און צוגעבראָמט צום ריטם פֿון זיינע באַוועגונגען:

— פֿאַרן פֿאָלק און פֿאָטערלאַנד!... פֿאַרן פֿאָלק און פֿאָטערלאַנד!...

די מעדאַלן האָבן זיך אונטערגעשאָקלט און צוגעקלונגען:

— פֿאַרן פֿאָלק און פֿאָטערלאַנד... פֿאַרן פֿאָלק און...

די שטורמיסטן האָבן געלאַכט. איינער האָט מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן:

— איר ווייסט, קאָמעראַדן, אַז אויב אָט דער גענעראַל־יודע וועט נאָר אַרבעטן גוט און פֿלייסיק, וועט מען אים דאַרפֿן באַלוינען מיט אַ מעדאַל...

און ווייטער אַ געלעכטער. דער עלטסטער האָט געכויזעקט:

— דערצו וועט מען ניט דאַרפֿן וואַרטן ביז ער וועט אָפּאַרבעטן...מיר קאָנען אים געבן דעם מעדאַל שוין, איצט!...אונדזער מעדאַל וועט ער אָבער ניט טראָגן אַף דער ברוסט. מיר וועלן עס אים צושפּיליען אַהערצו, אָט!...

און צו באַווייזן זיינע קאָלעגן וואָס ער מיינט, האָט ער אויפֿגעהויבן זיינס אַ פֿוס און מיטן גאַנצן קויעך אַ יאָג געטאָן דעם שאַרפֿן שטיוול־שפּיץ אינעם גענעראַלס אונטערשטן טייל קערפּער.

שטיינבאַך האָט אַרויסגעלאָזט אַ צעפּייניקטן וויי־געשריי, אַוועקגעפֿאַלן מיטן פּאָנים צום נאַסן טראָטואַר און זיך שמערצלעך פֿאַנאַנדערגעוויינט...

די שטורמיסטן האָבן אויסגעשאָסן אין אַ שפּאָטישן געלעכטער...



# זי האָט געוויינט

אַ פײַנלעכע שטילקײַט איז געלעגן איבערן האַרבסטיקן אָוונט אין דער גרויסער עסטרײַכישער שטאָט. אַ שטילקײַט — ווי אַ פאַרצויגענע כמאַרע איבער דער טאָמיד־לעבעדיקער גאַס. עס איז געווען די געוויינטלעכע שאָ פון אָוונט־מאַלצײַט. מענטשן זענען געזעסן באַ די טישן אין זײערע היימען מיט האַלב־אַרונטערגעלאָזטע ראָלעטן און — ווי דערשלאָגענע — געגעסן זײער אָוונט־מאָל. שוואַרצע שאָטנס, אין קאָנטראַסט צו די פאַרנעפּלטע באַלײַכטונג אין די פענצטער פון די קראָמען, אונטן, אַף דער גאַס, האָבן זיך געשפּרײט איבער די גרוי־ברוינע ווענט פון די הײַזער. דאָס שטענדיקע גערויש פון די פאַרבײַ־פאָרנדיקע טראַמוויען און אָטאָמאָבילן האָט אויסגעזען ווי אײַנגעשטילט און אַנדרימלט, עפּעס נאָר ווי די אַלגעמײַנע שטימונג וואָלט אויך אַף זײַ אַ שליטע געהאַט... דאָס לעבן אין דער טאָמיד־פרײַלעכער שטאָט האָט אויסגעזען ווי פּריצײַטיק פאַרעלטערט...

גרעטכען — אין אַ ווײַסן טשיפּיק אַפן שטרוי־בלאָנדן קאָפּ און מיט אַ קלײן, ווײַס פאַרטעכל אַרום דער טאַליע, — האָט זיך אַרומגעפּאָרעט אין קיך בײַ אירע נײַע באַלעבאָטים, דעם אַמעריקאַנישן פּאָר־פאָלק, און געוואַשן די טײ־גלעזער, וואָס זי האָט נאָר־וואָס אַרײַנגעבראַכט פונעם שפּײַז־צימער. דאָס געקלאַנג פונעם גלאָזוואַרג און דאָס לויפנדיקע וואַסער פונעם קראַן, האָט זיך איר געדאַכט, האָט אויסגעשפּילט אַ מיליטערישן מאַרש, וואָס האָט נאָך אַלץ ווי געקלונגען אין אירע אויערן פון זינט יענעם אומגליקלעכן טאָג, בעת דאָס לאַנד איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון יענעם שרעקלעכן באַהערשער...

צומאָל האָט גרעטכען געפּרובירט שמײכלען. זי האָט זיך געפּלײסט צו באַפרײַען פון די פּײַנלעכע איבערלעבונגען פון די לעצטע עטלעכע כאַדאָשים. אָפט האָט זי געכאַפּט אַ בליק דורכן האַלב־אַרונטערגעלאָזענעם ראָלעט צו דער גאַס אַרונטער, געקוקט צום מאַט־באַלויכטענעם גרויסן פענצטער פון צירונג־און־זילבער־געשעפט, דעם הער גאָלדשמידס, איר געוועזענעם באַ־לעבאָס; געקוקט אַפן גרויסן, מיט קרײַד־געשמירטן אויפשריפט „יודע” און דערבײַ יעדעסמאָל אַ טיפן פאַרדראָסיקן זיפץ געטאָן.

איבער צוויי יאָר צײַט האָט זי געאַרבעט באַ אַט דער פאַמיליע גאָלדשמיד. קימאַט פונעם ערשטן טאָג וואָס זי איז אָנגעקומען פון איר דאָרף און זיך פאַר־שרײַבן אין אַרבעט־ביוראָ... פײַנע מענטשן געווען, די גאָלדשמידס. מען האָט זי דאָרט גוט באַהאַנדלט... הער גאָלדשמיד אַלײן, אַ הויכער דאַרער מאַן מיט אַ שוואַרצן קאָפּ האָר און וואָנצעס — איז געווען אַזאַ שטילער און אײדעלער. פון זײַנע טיפע אויגן האָט שטענדיק אַרויסגעלויכטן עפּעס אַזאַ מאָדנער צאַאַר און גוטקײַט... אַהײמפאָרנדיק מיט איר פון דער אַרבעט־ביוראָ, ווען ער האָט זי גענומען צו־דער אַרבעט, האָט ער זי אַזוי פאָטערלעך אויסגעפרעגט וועגן זיך... און ווען זי האָט אים דערצײלט, אַז זי איז אַ קײלעכיקע יעסוימע, האָט ער זי באַרואיקט און געזאָגט, אַז אויב איר וועט נאָר געפעלן ווערן די נײַע שטעלע, וועט ער פּרובירן זײַן אַ טאַטע צו איר און איר — אויסער די סכירעס — נאָך שענקען אַ פײַנע מאַטאָנע ווען זי וועט כאַסענע האָבן... אַזוי אויך די

מאַדאַם, פרוי גאָלדשמיד, איז אויך געווען זייער גוט צו איר... זי האָט איר אָפט געשענקט נייע קליידלעך, זאָקן און אַנדערע זאַכן אַף יעדן יאָנטעוו. אָט, ערשט ניט לאַנג צוריק האָט זי פון באַלעבאָס באַקומען אַ קליין האַנט־זייגערל. זייער קיין סאַך אַרבעט איז דאָרט אויך ניט געווען. בלויז פיר צימערן ריין צו האַלטן און אויפפּאַסן אַף זייער איינציקן קינד, דעם קליינעם אוטצין, וועלכער האָט זי גלייך באַם אָנקומען ליב געקראָגן און מיט וועמען זי האָט זיך איינגעלעבט ווי מיט אַן אייגן ברודערל.

גרעטכען איז געווען צופרידן און געהאָפט, אַז דאָס וועט זיין איר ערשטע און לעצטע שטעלע אין דער פרעמד און אַז פון דאַנען וועט זי שוין — ווי מען זאָגט עס — אַוועק אין אַן אייגענער היים. אָבער...

מיטאַמאָל — ווי אַן אומגעריכטע מאַגייפע, פונקט ווי די שפּאַנישע אינפלוענציע, וואָס האָט מיט יאָרן צוריק אַזוי אומראַכמאָנעסדיק פאַרשניטן איר פאָטערס לעבן — איז דאָס לאַנד פאַרכאַפּט געוואָרן פון דרויסנדיקן באַהערשער און באַלד איז אַרויס אַ געזעץ, אַז קיין שום קריסטלעכע מיידל טאָר ניט אַרבעטן באַ קיין אידן. זי האָט, עמעס, לעכאַטכילע זיך ניט וויסנדיק געמאַכט און ווייטער געאַרבעט. אָבער לאַנג איז עס איר ניט געלונגען. איינמאָל אין אַן אָוונט האָט זיך אין שטוב צו די גאָלדשמידס אַריינגעריסן אַ גרופּע שטורמיסטן און... דער אָנפירער זייערער, הער שניצלער האָבן אים די אַנדערע גערופן, האָט זי בוצפּעדיק אַ נעם געטאָן באַ דער האַנט און איר שטרענג אַ זאָג געטאָן:

— דו, ליבכען, קאָנסט מער ניט אַרבעטן דאָ, פאַר די שמוציקע אידן! עס איז אַ דערנידעריקונג פאַרן דייטשישן פאָלק! אַ באַליידיקונג פאַר אונדזער שטאָלצער דייטשישער ראַסע!...

זי, גרעטכען, האָט זיך גענומען בעטן באַ אים. דערקלערט, אַז זי איז צופרידן פון די באַלעבאַטים און דער שטעלע; אַז זי וועט בענקען נאָך דעם קליינעם אוטצין און אַז זי האָט ביכלאַל ניט וואו צו גיין...

דער הער שניצלער האָט זיך אָבער בייז צעשריגן אַף איר:

— אויב דו וועסט גלייך ניט פאַרלאָזן דאָס פּלאַץ, וועלן מיר זיך אָפּרעכענען מיט דיר ווי מיט אלע שמוציקע אידן! מיר וועלן דיך גלייך פאַרשיקן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער און...

גרעטכען האָט געקוקט אַף אים מיט שרעק. ער — אַ ריזיקער, געזונטער מאַן, מיט אַ פלאַכן פיר־עקיקן פּאָנים און מיט אַ גרויסער, געבויגענער נאָז, וואָס האָט זיך געצויגן פון סאַמע שטערן אַרונטער, — האָט אַזש אָנגעוואָרפן אַ שרעק אַף איר. אַזאַ פּאָנים, וואָס האָט געזאָלט זיין אַ בילד פון אַ אידן, האָט זי ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק געזען אַפן פאָדערבלאַט פון נעם בלעטל: — „דער שטירמער‟, וואָס מען האָט איר אין האַנט אַריינגערוקט, בעאַיס זי איז אַריין אין אַ קינאָ־טעאַטער. זי האָט עס אָפּילע ניט איבערגעלייענט, נאָר טאַקע דאָרט, אין דער פינצערניש אינעם טעאַטער, דאָס צעריסן אַף פּיצלעך און אַוועקגעוואָרפן. פונקט אַזאַ עקלדיקע שרעק האָט זי איצט איבערגעלעבט. זי האָט דעריבער אַ דערשלאָגענע אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און צוגעזאָגט זיך גלייך צו פאַרנעמען...

דערנאָך, געדענקט זי, האָט זי געוויינט, בעאַיס זי האָט גענומען פּאַקן

אירע זאַכן אינעם קליינעם געפלאָכטענעם קוישעלע וואָס זי האָט פונעם דאָרף מיטגעבראַכט. און בעאַיים עס איז איר אויסגעקומען אַריינצולייגן דאָס נייע זייַדענע קליידל, וואָס די מאַדאַם האָט איר ערשט מיט אַ צוויי־דריי וואָכן פריער אַ מאַטאָנע געגעבן, האָט זי עס מאַמעש מיט טרערן באַגאָסן. זי האָט עס בעשום אויפן ניט געקאָנט איינפּאַקן. עפּעס איז עס אויסגעקומען ביי איר, ווי זי וואָלט געווען אומבאַרעכטיקט דאָס צו נעמען מיט זיך. זי האָט עס דעריבער גענומען און מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן עס צוגעטראָגן דער באַלעבאָסטע:

— איך, מאַדאַם, — האָט זי מיט טרערן אין דער שטימע געשלוכצעט, — איך... אָט דאָס קליידל איערס...

פרוי גאָלדשמיד, וועלכע איז געזעסן ווי אַ דערשלאָגענע אַף דער סאָפע און צוגעהאַלטן איר אוטצין, ווי זי וואָלט מוירע געהאַט, אַז אויך אים וויל מען איצט צונעמען בּאַ איר, האָט זיך אויפגעשטעלט. זי האָט אַרויפגעלייגט אירע ביידע הענט אַף גרעטכענס אַקסלען און צעוויינטיקט געשמייכלט:

— זיי דאָך ניט קיין קינד, גרעטכען. נעם עס! ס'איז דיינס!...מאַטאָנעס נעמט מען ניט צוריק!...יעדנפאַלס איז דאָך ניט דיין שולד, וואָס...

און האָט זיך אויך פאַנאַנדערגעוויינט...

אוטצי, קוקנדיק אַף זיי ביידן, האָט גענומען מאַכן פּיסקלעך. ער האָט אויסגעצויגן זיינע הענטלעך צו גרעטכען און זיך אויך פאַנאַנדערגעוויינט. גרעטכען האָט אים אַ כאַפּ געטאָן צו זיך אַף די הענט, אים געקושט און זיך נאָך מער פאַרגאַנגען אין געוויין, בעאַיים דאָס קינד האָט אַזוי נאַאיוו־קינדיש און מיט פאָרוואורף געפרעגט:

— וואו גייט גרעטכען?... האָט גרעטכען מער ניט ליב אוטצין?...

זי האָט זיך קוים אָוועקגעריסן פונעם קינד און אַרויסגעלאָפן פון הויז, אליין ניט וויסנדיק וואוהין און צו וועמען זיך צו פאַרנעמען.

אַף דער גאַס האָט זי אָפּגעוואַרט הער שניצלער. ער איז צוגעגאַנגען צו איר, זי אָנגענומען באַם אָרעם און מיט אַ רויען שמייכל איר אַ זאָג געטאָן:

— אַזוי איז גוט, ליבכען! אַזוי האָסטו געהאַנדלט ווי אַן אָריערן!... איצט ליבכען, קום אָרבעטן צו מיר!... דו, דיין געוויסן וועט זיין ריין, ווען וועסט וויסן אַז דו אַרבעטסט מער ניט פאַר די פאַרפלוכטע שמוציקע יודן!...

איר איז אַ שווערע מוירע באַפאַלן. זי האָט זיך אפילע יאָ געוואָלט אָפּזאָגן און אים דערקלערן, אַז זי האָט שוין אַ שטעלע און... אַז זי האָט, אָבער, דערזען דאָס שטרענגע פּאָנים, שניצלערס, און דעם האָקן־קרייץ אַף זיין אָרבל — איז זי גלייך אַנטשטומט געוואָרן און שוויַגנדיק זיך געלאָזט פירן פון אים..

פיר וואָכן האָט זי געאַרבעט בּאַ די שניצלערס. געאַרבעט שווער, כאָטש זיי האָבן געהאַט בלויז דריי צימערן און קיין קינד איז אויך ניט געווען. די אָפּטע הוליאַנקעס אין הויז, די ווילד־צעבראָכענע און אָנגעוואָרפענע זאַכן נאָך דעם אָוועקגיין פון די געסט, די שטאַרק־אָנגערויכערטע צימערן און דאָס איינגעטראָטענע אַש אין די טעפּיכער, — האָבן איר קיין מינוט רו ניט געגעבן. הער שניצלער איז געווען טרוקן־שטרענג און זי האָט מוירע געהאַט פאַר אים. די מאַדאַם שניצלער — אַ יונגינקע און בלייכע בלוטלאָזע פרוי, וואָס האָט גאָר אויסגעזען ווי אַ ניט־דערוואַקסן קינד, — איז געווען אַ קרענקלעכע און אַ

נערוועזע. זי איז אפאנים געווען שטארק איבערזיכטיק אף גרעטכען, זיך געטשעפעט צו איר פאר יעדער קלייניקייט און אפט זי שטארק געזידלט...

גרעטכען האט אבער אלץ געדולדיק דורכגעטראגן. געוואוסט האט זי, אז עס איז ניט דא צו וועמען זיך צו באקלאגן. זי האט פארשטאנען, אז זי — פונקט ווי אלע אנדערע בירגער פונעם לאנד — מוז נאך דערווייל ליידן און שווייגן. בלויז אן איינציקע טרייסט האט זי געהאט. איינמאל אין וואך, אין איר פרייען ארויסגאנג־אוונט, ווען זי איז מיקלוימערשט אוועק אין קינא־טעאטער זען א בילד, — האט זי זיך פארזיכטיק אריבערגעכאפט אין הויז אריין צו די גאלדשמידס, אויסגעוויינט איר ביטער הארץ פאר זיי און דערפון זיך דערפילט אביסל פרייער און אויפגעהייטערטער...

אזוי גיך אבער ווי זי איז צוריק אהיימגעקומען, איז אט די לייכטקייט אירע גלייך צעשטערט געווארן. פון די שניצלערס האט זי קיין מענטשלעך ווארט ניט געהערט, קיין פריינטלעכן שמייכל ניט געזען. שטענדיק זענען זיי געווען אדער שיקער, אדער אנגעכמורעט און ברוגעז. דעם כאראקטער, שניצלערס, האט זי געזען באלד אפן צווייטן טאג נאך איר אנקומען, בעת ער האט מיטן שווערן פוס זיינעם א בריקע געטאן דעם קליינעם בולדאג, וואס האט זיך מיט געטריישאפט געפלאנטערט לעבן זיינע פיס ווען ער איז אהיימגעקומען. דעמלט האט זי אזש געוויינט פון גרוים פארדראס בא זיך אין קיך...

און אט, איינמאל שוין שפעט אין אוונט, בעת זי האט געהאלטן אין צוראמען די שטוב נאך א הוליאנקע, איז געשען אט וואס: די מאדאם איז שוין געלעגן בא זיך אין בעט מיט א פארבונדענעם קאפ. הער שניצלער אליין האט זיך נאך ארומגעדרייט איבערן צימער א צעכראסטעטער, מיט שטעק־שיך אף די פיס און געראוכערט זיין פיפקע. מיטאמאל האט ער זיך אפגעשטעלט לעבן איר און זי גענומען אויספרעגן עטלעכע פראגן וועגן די גאלדשמידס. ער האט נאר געוואלט זי זאל אים זאגן ווי עס לעבט זיך די פארפלוכטע יודן, וויפל געלט זיי פארמאגן, צי האלטן זיי גרייטע געלט אינדערהיים און... ווען גייען זיי געוויינטלעך צו גאסט צו זייערע פריינט...

גרעטכען האט גענומען ציטערן. זי האט מיט שרעק געקוקט אף הער שניצלערס פארשיקערטן פאנים און גענומען שטאמלען:

— איך ווייס ניט, מיין הער!... ערןווארט, איך ווייס עס ניט!...

הער שניצלער האט זיך דאן מיט שטורעם א ריס געטאן צו איר און איר א פלאמיקן פאטש געטאן:

— דו, פארפלוכטע יודישע הור! — האט ער געקריצט מיט די ציין. — דו פארקויפטע נעשאמע!...

גרעטכען איז אריינגעלאפן צו זיך אין קיך, ארונטערגעלאזט זיך אף איר בעטל און שטיל געכליפעט. זי האט ניט געוואוסט וואס צו טאן מיט זיך. געפילט האט זי בלויז, אז זי דארף אנטלויפן. אפילע זיך אומקערן צוריק אין דארף אריין, נאר דא ניט בלייבן מער...

און ווידער האט זי צוזאמענגענומען אירע זאכן מיט געוויין, שטילערהייט זיי איינגעפאקט אינעם זעלביקן קוישל אריין און דאס דערווייל צוריק ארונטערגערוקט אונטערן בעטל. זי איז געווען אנטשלאסן אוועקצוגיין פון הויז,

שטילערהייט זיך אַרויסכאַפּן ווען הער שניצלער וועט שוין שלאָפֿן און אַנט־לויפֿן. אַוועק — וואו די אויגן וועלן זי טראָגן...

זי האָט זיך אפילו אָפּגעהאַלטן פון צו לייגן זיך אין בעטל אַריין, אויס מוירע זי זאָל כאָלילע ניט פאַרשלאָפֿן. בלויז אַזוי, אינעם קליידל אָף זיך, האָט זי זיך צוגעשפּאַרט און געלאָזט אירע געדאַנקען וואַנדערן...

מיטאַמאָל איז אין קיך אַריינגעקומען הער שניצלער. זי, אַז זי האָט אים דערזען, האָט זיך אויס מוירע אַזש האַסטיק אַ זעץ אויף געטאָן. הער שניצ־לער איז געבליבן שטיין אַנטקעגן איר. ער איז געווען נאָך מער צעבראַסטעט ווי פריער. דאָס האָריקע לייב זיינס איבער דער ברוסט, האָט זיך אַרויסגעזען פונעם צעשפּיליעטן העמד. ער האָט אַ צי געטאָן פון דער פּיפּקע און דערביי — קוקנדיק פון דער זייט אָף איר — פאַרשיקערט אַ זאָג געטאָן:

— ווערסט מיר אַנטשולדיקן, ליבכען... איך...נון, שמייכל דאָך, ליב־כען!... שמייכל, וועל איך דאָן וויסן, אַז דו ביסט מער ניט בייז!...

גרעטכען, קעדיי זיך אָפּפּאַטערן פון אים, האָט באַצוואונגען אַ שמייכל געטאָן. ער האָט צוריקגעשמייכלט:

— דאָס איז פיין!... אַזוי האָב איך דיך, מעידל, ליב!...

און נאָך גיכער ווי זי האָט געקאָנט באַמערקן, איז ער געטאָן אַ טראָט צו נאָענט צו איר, זי פלינק אַ כאַפּ אַרום געטאָן מיט זיינע פעסטע אָרעמס, זי אַ צי געטאָן צו זיך און זיך ווילד איינגעזויגן מיט זיינע ליפּן אין אירע.

גרעטכען האָט אַזש ניט געקאָנט דעם אָטעם כאַפּן. דער שאַרפער גערוך פון ביר אין זיין אָטעם — האָט זי געשטיקט נאָר צום ברעכן. ענדלעך האָט זי זיך אַרויסגעריסן פון זיין קלעם און...

זי האָט אים אַ פּאַטש געטאָן.

ער האָט דאָן אַ הויב אויף געטאָן זיינע פויסטן, גרייט זיי אַרונטערצו־לאָזן אָף איר קאָפּ מיט דער גאַנצער קראַפט זיינער, אָבער...ער איז געבליבן אַזוי ווי פאַרשטייפט מיט די אַרויפגעהויבענע הענט. אָף דער שוועל, האָט ער דערזען, איז געשטאַנען פראוי שניצלער...

גרעטכען האָט גענומען דאָס קוישל, אַפילו ניט געבעטן דאָס געלט וואָס איר איז געקומען פאַר די עטלעכע וואָכן אַרבעט און איז אַזוי — אין דער שווערער האַרבסטיקער נאַכט — אַוועק פון הויז...

אַ גאַנצע נאַכט האָט זי זיך אַרומגעשלעפּט פאַרנדיק אָף אַהין און צוריק איבער דער אונטערגרונד־באַן. זי איז געזעסן אַנגעלענט אָף איר קוישל און געדרימלט. אינדערפרי — אַז דער וואַגאָן האָט אַנגעהויבן ווערן פול מיט מענטשן, וועלכע זענען געפאָרן צו דער אַרבעט — איז זי ערשט אַרויס און זיך געלאָזט גיין אין דער אַרבעט־ביוראָ.

צוויי וואָכן זענען אַזוי אַוועק און קיין שטעלע האָט זיך איר אַלץ ניט גע־מאַכט. עמעס, עטלעכע אַנבאָטן האָט זי אפילו יאָ געהאַט איבער דער צייט, אָבער דאָס זענען אַלץ געווען אַזעלכע, וואָס האָבן איר אויסגעזען פון זעלבן שטייגער ווי די שניצלערס און זי האָט זיי ניט געוואָלט אָננעמען.

אָבער אָט, פּונקט דעמלט ווען עס האָט שוין אויסגעזען, אַז זי וועט קיין נייע שטעלע ניט געפינען און וועט זיך מוזן פאַרנעמען צוריק אין איר דאָרף

אַריין, — איז דאָך געקומען די הילף. דאָס אַמעריקאַנישע פּאָר־פֿאָלק, בײַ וועמען זי אַרבעט איצט, האָט טעלעפֿאָנירט נאָך אַ מיידל פֿאַר הויז־אַרבעט און זי האָט די שטעלע באַקומען.

און פֿון אָט דער שטעלע איז זי צופֿרידן געווען צוליב עטלעכע מאָטיוון. דאָס ערשטע און טאַקע די הויפּט־זאַך, וואָס די באַלעבאַטים זענען אַמעריקאַנער און זי וועט מער ניט האָבן איבער זיך קיין שטורעם־טרופּערס. צווייטנס — וואָס דאָס פּלאַץ האָט זיך געפֿונען אויף דער זעלבער גאַס, וואו עס איז געווען הער גאָלדשמידס געשעפֿט. פֿון איר קיך־פֿענצטער האָט זי געקאָנט זען דאָס גרויסע פֿענצטער מיט דער טיר. אַרבעטנדיק דאָ, בײַ די אַמעריקאַנער, האָט זי זיך אָפֿט געקאָנט אַריבערכאַפּן צו די גאָלדשמידס, זען וואָס זיי מאַכן און זיך אַ שפּיל טאָן מיטן קליינעם אוטצין אויף די הענט...

אייגנטלעך האָט זי טאַקע היינט, דאָנערשטיק, געדאַרפֿט האָבן איר פֿרייען אָוונט און זיך געזאָלט אַריבערכאַפּן צו זיי פֿאַר אַ וויזיט. עס האָט זיך אָבער געמאַכט אַזוי, אַז פּונקט היינט איז צו די באַלעבאַטים געקומען אַ גאַסט. עפּעס אַ יונגע דאַמע פֿון אַמעריקע, אַ מאָלערן, וועלכע איז געקומען זיך באַקאָנען מיטן צושטאַנד פֿון דער קולטור אין נייעם דייטשלאַנד, איז פֿאַרפֿאָרן צו זיי. די מאַדאַם האָט דעריבער געבעטן, אַז זי, גרעטכען, זאָל אָפּלייגן איר פֿרייען טאָג אויף מאָרגן, פֿרייטיק. גרעטכען האָט דאָס מיט פֿאַרגעניגן געטאָן. זיי, די באַלעבאַטים, זענען געווען ליבע מענטשן און זי איז צופֿרידן געווען זיי צו העלפֿן. דאָס האָבן זיי טאַקע ערשט ניט לאַנג אָפּגעגעסן דעם אָוונט־מאָלצייט און טיי געטרונקען. איצט קלייבן זיך די באַלעבאַטים צו נעמען זייער גאַסט אויף אַן אָטאָמאָביל־רייזע איבער דער שטאָט, קעדיי איר צו באַווייזן פֿאַרשידענע אינטערעסאַנטע פּלעצער און דערנאָך צופֿאָרן אין דער אָפּערע. גרעטכען האָט געדאַרפֿט בלייבן אין הויז אַכטונג צו געבן.

גרעטכען איז געווען אַזוי פֿאַרנומען מיט איר אַרבעט פֿון איבערוואַשן די גלעזער און זיי צעטרוקענען, זי איז געווען אַזוי פֿאַרכאַפּט מיט איבער־מישן אין אירע געדאַנקען די געשעענישן פֿון די לעצטע עטלעכע כאָדאָשים, אַז זי האָט אַפֿילו ניט געהערט די טריט פֿון די באַלעבאַטים, וועלכע זענען צו איר צוגעקומען און אַ זאָג געטאָן:

— אַלזאָ, גרעטכען, מיר גייען שוין!...

גרעטכען האָט פֿלינק אַ וויש געטאָן אירע הענט אינעם פֿאַרטעך און איז געלאָפֿן עפֿענען די טיר אַרויסצולאָזן די באַלעבאַטים מיטן גאַסט. דערבײַ האָט די יונגע אַמעריקאַנערן, דער גאַסט, איר דערלאַנגט אַ מאַטבייע און — אין אַ געבראָכענעם דייטש — אַ זאָג געטאָן צו איר:

— גוטע נאַכט, פֿרוילײַן גרעטכען! יעצט וועלן מיר גיין זיך באַקענען מיט אייער ליבנסווירדיקן לאַנד און פֿיינער שטאָט...

גרעטכען האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער זיך צוריקגעהאַלטן. זי האָט געטראַכט, אַז כאָטש יענע איז אַן אַמעריקאַנערן, איז אָבער דאָך געפֿערלעך צו רעדן פֿאַר אומבאַקאַנטע. וואָרים ווער ווייסט ווער זי איז, אָדער צי זי וועט אַפֿילו אַזוי, ניט ווילנדיק, זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט ערגעץ און...

זי האָט דעריבער בלויז אַ שמייכל געטאָן און צוגעגעבן:

— איך האָף, פרוילײן, אַז איר וועט קוקן אין דער טיף און זיך פלייסן אונדז צו דערלערענען פון דער בעסערער זייט...

יענע זענען אוועק. גרעטכען האָט הינטער זיך פאַרשלאָסן די טיר, זיך פאַר אַ וויל אַרומגעדרייט איבערן צימער און געטראַכט צו וואָס זי זאָל זיך נעמען. די גאַנצע אַרבעט אין הויז איז שוין געווען אָפּגעטאָן. ענדלעך האָט זי גענומען עפּעס אַ בוך און זיך אַוועקגעזעצט בײַם פענצטער.

געלייענט האָט זי ניט. זי האָט בלויז שווײַגנדיק אַרויסגעקוקט צו הער גאָלדשמידס געשעפט. געקוקט אָפן גרויסן ווייסן קרייד־אויפשריפט „יודע" אָפן גרויסן פענצטער און עס האָט איר אזש פאַרקלעמט בײַם האַרצן.

מיט באַדויער האָט זי געקוקט אָפן מעלאַנכאָלישן פּראָנט פון געשעפט און געטראַכט, אַז זי וועט אײַנמיסטן אויפּפּאַסן אַ שטיקל צייט און זען וויפל קונים עס גייען אַרײַן אַהינצו. געוואוסט האָט זי, אַז פריער, בעת זי האָט נאָך געאַרבעט בײַ די גאָלדשמידס און איידער דאָס לאַנד איז נאָך פאַרכאַפּט געוואָרן פון די שניצלערס און זײַנס גלײַכן, — האָט זיך הער גאָלדשמידס געשעפט גערעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע אין שטאָט. די פײַנסטע לײַט פלעגן קומען קויפן צירונג און זילבערוואַרג בײַ אים, ווײַל מען האָט טאַקע געוואוסט, אַז בײַ אים איז ראַיעל; אַז זײַן וואָרט איז אַ וואָרט און די פּרײַזן — פונקט ווי זײַן וואָרט — פּינקטלעך און פעסט. די טיר פון דעם געשעפט האָט זיך דעריבער קימאַט קיינמאָל ניט צוגעמאַכט. איצט אָבער, זינט יענע אומגליקלעכע טעג, זינט דעם ווײַסן קרייד־צייכן, הערשט אַ פּוסטקייט...

זי האָט שטאַר געקוקט אַהינצו און אין האַרצן געבעטן גאָט, אַז עס זאָל איצט אָנקומען אַ קונע. אַלץ איז אָבער געווען אַזוי מאָדנע שטיל, אַז זי האָט זיך גענומען וואונדערן צו וואָס ער דאַרף איצט בכלל שטיין אין געשעפט.

די שטילקייט האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. מיטאַמאָל האָט זיך פון דער ווײַטקייט אין דער גאַס דערטראָגן אַ מאָדנער גערויש. אַ טומל — ווי פון באַנדעס ווילדע מענטשן און אַ ווײַטער געבראַזג פון צעבראָכענעם גלאָז. גרעטכען האָט געוואָלט בריט צעעפענען דאָס פענצטער, זיך אַריבערבייגן און אַהינקוקן פונוואַנען דער טומל איז געקומען. זי האָט דאָס אָבער ניט באַוויזן צו טאָן. באַלד האָט זיך אַ יאָג אַהער געטאָן אַ גרופּע פּעוול מיט געשריי און געטומל. איידער וואָס־ווען זענען עטלעכע ציגל אַ פלי געטאָן אין פענצטער פון הער גאָלדשמידס געשעפט און די גרויסע שויב איז מיט אַ הילכיקן געבראַזג זיך צעפלויגן אָף טויזנטער פּיצלעך איבערן טראָטואַר. הער שניצלער, האָט זי געזען, האָט אָנגעפירט די קאָמאַנדע:

— נידער מיט די פאַרפלוכטע יודן! — האָט ער געשריגן, — נידער!...

גרעטכען האָט אַזוי פאַרקלעמט בײַם האַרצן, אַז זי האָט שוין אַפילו ניט געקאָנט אויסשרײַען. די שרעק, אַז שניצלער זאָל זי ניט דערזען אַמאָל און זי דערקאָנען, — האָט זי ווי פאַראַליזירט. זי איז געשטאַנען שטײַף און געפילט, ווי די באַקן ווערן נאַס בײַ איר און ווי אין האַלדז שטיקט...

דאָס פּעוול האָט זיך מיטאַמאָל אַ לאָז געטאָן אין געשעפט אַרײַן. עטלעכע זענען אַרײַן דורך דער טיר און אַנדערע — דורכן צעשמעטערטן פענצטער... באַלד האָבן זיך איבער דער גאַס אַ שאָט געטאָן אַ צאָל שאַכטלען מיט פאַרשי־

דענע זילבערוואַרג. עטלעכע וואַנט־זייגערס זענען געפלויגן ווי צעשראָקענע הינער אין דער גאַס אַריין און אויפגעכאַפּט געוואָרן פון די אויסגעשטרעקטע הענט. הער שניצלער אַליין איז געשטאַנען אינעווייניק, אין דעם פענצטער, געשטופּט עפּעס צו זיך אין די קעשענעס אַריין און מיטאַמאָל — אויפהויבנדיק אַ זיבן־רעריקע מענוירע איבערהויך אַרויף — מיט כוילעק אויסגעשריגן:

— הע', קאַמעראַדן, איז דאָס־אַ זילבער, אָדער?...

— זיבער זילבער! — האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַ פּיל־שטימיקער און הילכיקער ענטפער, — אידישע זילבער!...

שניצלער האָט דאַן אַרויסגעשליידערט די מענוירע דורכן פענצטער און אימיצער האָט זי אויפגעכאַפּט און באַהאַלטן צו זיך אונטערן רעגן־מאַנטל. דאָס געשריי איז געוואָרן שטאַרקער. שניצלער האָט אַוועקגעשטעלט לעבן זיך, אַף דער פלאַך פונעם פענצטער, עפּעס אַן אַנדערע זילבערנע זאַך און, מיטן שפּיץ שטיוול דאָס אַזאַ בריקע געטאָן צו דער גאַס צו, פונקט ווי ער האָט אַמאָל געטאָן דעם בולדאָג. עס איז מיט אימפּעט אַרויסגעפלויגן אינדרויסן, צו דער גאַס, און די באַנדע האָט אויסגעשאָסן אין אַ שטורמישן געלעכטער.

צוויי אַנדערע פונעם פּעוול האָבן דערווייל אַרויסגעטריבן פונעם געשעפט דעם הער גאָלדשמיד, אים געבריקעט מיט די פיס, געשלאָגן מיט זייערע שווערע פויסטן, געהאַקט מיט שטעקנס און אים צו דער ערד געוואָרפן. גרעטכען האָט געזען, אַז ער איז געבליבן ליגן אַ צעבלוטיקטער און מאַכטלאָזער...

מער האָט זי שוין ניט געקאָנט איבערטראָגן. זי האָט זיך אַ ריס געטאָן פון איר פלאַץ און זיך געלאָזט לויפן צו העלפן דעם אומגליקלעכן.

באַ דער טיר אָבער זענען איר אַנטקעגנגעקומען די באַלעבאַטים מיטן גאַסט. זיי זענען געווען שטאַרק אויפגערעגט און דערצאָרנט. האַסטיק האָבן זיי אַ פאַרהאַק געטאָן די טיר הינטער זיך, פונקט ווי זיי וואָלטן מוירע געהאַט, אַז אימיצער יאָגט זיך נאָך זיי. אינעווייניק, אין פאָרהויז, זענען זיי געבליבן שטיין ווי פאַרלוירענע און זיך פאַר אַ ווייל ניט גערירט פון די ערטער.

די ערשטע איז דאָך געקומען צו זיך די באַלעבאָסטע. זי האָט טיף אָפּגעאָטעמט און פאַרצווייפלט אַ זאָג געטאָן:

— אָ, גאָט, דאָס איז דאָך שרעקלעך!... דאָס איז דאָך...

דער מאַן איז געשטאַנען מיט אַ געזונקענעם קאָפּ:

— און צו גלויבן, אַז דאָס איז דאָס באַרימטע קולטורעלע דייטשישע פאָלק!? — האָט ער, ווי מיט באַדויער אַ מורמל געטאָן.

— דאָס איז שוידערלעך! — האָט שוין דער גאַסט ווי צו זיך געמורמלט און עפּעס ווי זיך איינגעקאָרטשעט אין זיך אַריין, — און איך בין עס געקומען שטודירן די נייע דייטשישע קולטור!... אָט דאָס איז זי עס?!...

— יאָ, יאָ, — האָט דער באַלעבאָס שטיל אַ ברום געטאָן, — אפאָנים, אַז דאָס איז זי טאַקע, די היינטיקע דייטשישע קולטור, דאָס איז זי...

גרעטכען, וועלכע איז געשטאַנען דערבּיי אַ בלאַסע און זיך צוגעהערט, איז מיטאַמאָל ניט געוואָרן. באַלד האָט זיך פון דער קיך אַרויס אַ טראָג געטאָן איר היסטעריש־פײַנלעכער געוויין.

די באַלעבאַטים מיטן גאַסט זענען דערשראָקענע אַרײַנגעלאָפן:

— וואָס איז געשען, גרעטכען? — האָבן זיי אַלע אין איין אָטעם צוזאַמען אַ פרעג געטאָן בײַ איר. — וואָס איז געשען?...

גרעטכען האָט געכליפּעט:

— אָ, גאָט, אַזאַ שאַנד, אַזאַ שאַנד!... וואָס האָט מען עס געמאַכט פון אונדזער ליבן לאַנד!... צו וואָסער צושטאַנד האָבן זיי עס דערפירט!...

יענע האָבן אַרונטערגעלאָזט די קעפּ און געשוויגן. עס האָט אויסגעזען, אַז זיי האָבן אָוואַדע באַגריפן דעם טיפן צאַר וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אָט דער פּאָשעטער פאָלקס־מיידל און זיי האָבן איר מער גאָרניט געוואָלט פרעגן. שטילערהייט האָבן זיי זיך גענומען אַרויסרוקן פון קיך אַרויס, כדי צו לאָזן גרעטכען זיך אויסוויינען.

מיטאַמאָל אָבער האָט גרעטכען זיך האַסטיק אַ לאָז געטאָן צום גאַסט, זיך אַרונטערגעלאָזט אויף די קני לעבן איר, זי אָנגעכאַפּט בײַ דער האַנט און אין אַ צעפּייניקטן היסטערישן געוויין געכליפּעט:

— ניין, גנעדיקע פרוילײַן, דאָס וואָס איר האָט דאָ פריער געזען, איז ניט דײַטשלאַנד! דאָס דײַטשישע פאָלק איז קעגן דעם און וויל דאָס ניט! דאָס טוט בלויז אַזוי אַ באַנדע פאַרברעכער; אַ באַנדע, וואָס האָט פאַרגוואַלטיקט אונדז, פּונקט ווי יענע וועמען זי ראַבירט עפּנטלעך!... מיר, דאָס דײַטשישע און עסטרײַכישע פאָלק, שעמט זיך מיט דעם און בויגט דעם קאָפּ אין שאַנד... יאָ, דערציילט דאָס בײַ זיך אינדערהיים ווען איר וועט צוריקפאָרן! דערציילט, אַז אַזוי האָט אײַך געזאָגט אַ דײַטשישע מיידל!...

זי האָט זיך מיטאַמאָל אַ וואָרף געטאָן צו דער ערד, געקלאַפּט מיט אירע פויסטן ווי אַ ווילדע און ניט אויפגעהערט צו שרײַען:

— אָ, אַ פלוך אויף אײַך, וואָס איר האָט אונדזער שײַנעם נאָמען פאַרשמוציקט!... אַ פלוך אויף אײַך, וואָס איר האָט אונדזערע נעשאַמעס פאַרגוואַלטיקט!...

און זיך מיטאַמאָל ראַפּטאַם אַ הויב אויף געטאָן:

— ער, דער גאָלדשמיד, מען דאַרף אים העלפן!...

זי האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ גלאָז מיט וואַסער און איז אַרונטערגעלאָפן. די אַמעריקאַנערן האָט אָפּגעווישט אַ טרער פון אירע אויגן...



# אינהאלט







פון זעלבן מעכאבער:

**געשלאסענע רייען** דערציילונגען — 1935

**אין אזא צייט לעבן מיר** דערציילונגען — 1938

גרייט צום דרוק:

1) **„איך בין ארויס א לעבעדיקער"**

מילכאמע־ראמאן אין 3 טיילן, ארום 900 זייטן.

2) ראזענבערג דזשוניאר — ראמאן.

3) שימשן האגיבער — נאוועלע.

4) דראמע און איינאקטערס.

5) הומארעסקעס און מאנאלאגן.

6) א באנד דערציילונגען.